מיין טייערן פריינט
דאקטאר [illegible]
פון ל. פיינבערג
מאי, 1957

# ל. פיינבערג




היסטאָרישער ראָמאַן
וועגן

## אלישע בן־אבויה

אַרויסגעגעבן פון דעם
„ל. פיינבערג יובל - קאָמיטעט״,
ניו - יאָרק, 1957

# "GOD OF WRATH"

## *Historical Novel*



*by* LEON FEINBERG

1319 SHERIDAN AVE.

Bronx 56, N. Y.

* * *

**ביכער פון ל. פיינבערג:**

ערב־שטורעם — 1926.
גרויס־שטאָט — 1928.
ליכט און ברויט — 1931.
דוד בלאַנק — (ראָמאַן אין פערזן) — 1934.
חבר לעבן — 1938.
אין קיינעמס לאַנד (פּאָעמע) — 1940.
די יורשים פון דער ערד — 1941.
„יעווריעיסקאַיאַ פּאָעזיאַ" (אַנטאָלאָגיע פון דער אידישער פּאָעזיע אויף רוסיש) — נו־יאָרק, 1947.

איך דריק־אויס מיין האַרציקן דאַנק צו
**דר. שלמה ביקל, פּאַרזיצער,**
און
**ש. אַפּטער,** סעקרעטאַר
פון דעם
**„ל. פיינבערג יובל־קאָמיטעט",**
ווי אויך צו דער צאָל פריינט, וועלכע האָבן מיט
זייערע פאָראויס־ביישטייערונגען מעגלעך
געמאַכט, אַז דאָס בוך זאָל דערשיינען.
**ל. פיינבערג**

שער־בלאַט געצייכנט פון יוסף פּאַשקאָ.

Printed in the U.S.A.
by
Kowalski Printing & Publishing Co.

363

## געהייליקט

## דעם ליכטיקן אָנדענק

## פון ש. ל. ב.

האָסט מיר די ווייסע לאַם פון ליבע
אויף טאַץ אויף זילבערנער דערלאַנגט,
האָט אויפגעשפּילט מיט פאַרבן זיבן
דער קוואַל פון ליכטיקן געזאַנג.
האָב איך די שמעקעוודיקסטע בשמים
געמישט מיט ווערטער פון מיין שפּראַך —
און אויף מזבח פון דיין נאָמען
קרבנות - לידער דיר געבראַכט.
כ'האָב דיר געשוואוירן: — כ'וועל דורך יאָרן
די ליבע טראָגן מיט געזאַנג,
ווי אונדזער שטאַם אַמאָל דעם אָרון
געטראָגן האָט צום לאַנד כנען.
כ'האָב דיך געוואָלט פון טומאה - חושך
דערהויבן צו דער קדושה - הויך,
האָסטו דעם שענצטן שטיין פון ח ו ש ן
אויף זונה - אוירינגלעך פאַרברויכט.

און ס'האָט דיין בייז — אַ נעסט פון שלאַנגען,
ברוטאַל, פאַררעטעריש און בלינד,
געקעפּט די ליכטיקסטע געזאַנגען
און זיי געוואָרפן פאַר די הינט.
עס האָט דאָס לעבן, בייז און ציניש,
דיין האַרץ מיט גאַל און גיפט פאַר'סמ'ט —
און ס'האָט פאַרצוקט דער וואָלף פון שנאה
דער ליבע'ס ווייסע קרבן - לאַם.
און ווען פון שנאה'שאַפט אַ מידער,
אין שעה פון פינצטער'ן באַשייד,
כ'האָב אונדזער בונד, דעם קוואַל פון לידער,
מיט האַנט מיט אייגענער געטייט, —
האָסטו אַליין אין וואַנזין - פיבער
די האַנט אַרויפגעלייגט אויף זיך.
מיט טויטע פירט מען נישט קיין ליבע,
נאָך טויטע צינדט מען יאָרצייט - ליכט.
ס'וועט דיין געשטאַלט מיר ביזן קבר
אין האַרצן יאַטרען, ווי אַ וואונד.
זאָל בלייבן ס'בוך מיינם — אַ מצבה
אויף אונדזער גורל'דיקן בונד.

מאַי, 1956.

# אַרײַנפֿיר

די מקורות וועגן אלישע בן־אַבויה (אַחר) זײַנען צע־וואָרפֿן איבער פֿאַרשיידענע ערטער אין תּלמוד: חגיגה י״ד, סוטה ז׳, פּרקי־אָבות ד׳ און אַנדערע.

אין דער אידישער געשיכטע, בײַ צ. ה. גרעץ׳ן און שמעון דובנאָוו׳ן, ווערט אלישע בן־אַבויה באַצייכנט פֿאַר אַ כּופֿר, אַפּיקורס און אַפֿילו פֿאַר אַ בוגד. עס זײַנען אָבער פֿאַראַן חלוקי־דעות וועגן דעם, צי אלישע בן־אַבויה איז געווען בלויז אַ כּופֿר, וואָס האָט נישט מסכּים געווען מיט די תּנאים פֿון זײַן צײַט אין דער אויסטײַטשונג פֿון דער הלכה, צי ער איז געגאַנגען אַזוי ווײַט, אַז ער איז געוואָרן אַ בוגד און פֿאַר־ראַטן זײַן פֿאָלק צו מלכות־רוים.

נישט געקוקט אָבער דערויף, וואָס אלישע איז אַרײַנ־געלייגט געוואָרן אין חרם און אויסגעשלאָסן געוואָרן פֿון סנהדרין, שפּירט זיך אין תּלמוד אַ באַציאונג פֿון דרך־ארץ צום גרויסן תּלמיד־חכם. די גרויסע ליבשאַפֿט און איבער־געבנקייט, וואָס זײַן תּלמיד ר׳ מאיר, האָט אַרויסגעוויזן אלישע׳ן שוין נאָכדעם, ווי זײַן רבי איז געוואָרן אַ כּופֿר, זאָגט עדות, אַז דער פֿאַרצײַטיקער תּנא איז געווען דאָס, וואָס מע רופֿט הײַנט אַ משׂכּיל, אַ פֿרײַנדענקער — און זיכער נישט קיין בוגד צו זײַן פֿאָלק.

וועגן אלישע בן־אַבויה (אַחר) געפֿינען מיר אָפּהאַנ־דלונגען בײַ פֿאַרשיידענע פֿאָרשער, ווי: באַק — „אלישע בן־אַבויה״; ל. גינצבערג (אידישע ענציקלאָפּעדיע, באַנד 5); הלוי — „דורות״; אײַזיק־הערש ווײַס — „דור דור ודורשיו״, באַנד 2; א. יעלינעק — „אלישע בן־אַבויה״; דוד ניימאַרק — „תּולדות הפילוסופיה בישׂראל״; שלמה רובין — „ילקוט שלמה״; דר. חיים־זאב רײַנעס — „תּורה ומוסר״.

אין דער אידישער, העבּרעאישער און ענגלישער ליטע־ראַטורן זײַנען פֿאַראַן אַ צאָל ווערק, וואָס שפּיגלען־אָפּ דאָס לעבן פֿון אלישע בן־אַבויה (אַחר), צווישן זיי: פּרץ סמאָ־ליענסקין — „כּל־כּתביו״; דוד האָפֿמאַן — „תּולדות אלישע בן־אַבויה״; יעקב גאָרדין — „אלישע בן־אַבויה (דראַמע); מנחם באָריישאָ — אַ קאַפּיטל אין זײַן מאָנומענטאַל ווערק „דער גייער״. באַנד 1; משה קולבאַק — „אַחר״ (פּאָעמע אין באַנד 2 „לידער און פּאָעמען״); ראַבאַי מילטאָן סטיינבערג — „עז עי דריוון ליף״ (ראָמאַן אין ענגליש), א. אַ.

איך האָב אַלע מאַטעריאַלן דורכגעקוקט, פיל פון זיי אָנגע־
נומען, אַנדערע צוריקגעוויזן — און געשאַפן אַ בילד פון דעם ערשטן גרויסן אידישן אַפּיקורס לויט מיין אייגענער פּאָע־
טישער וויזיע.

* * *

בעת איך האָב געזוכט צו שאַפן דאָס קאָמפּליצירטע גע־
שטאַלט פון אלישע בן־אַבויה (אַחר), האָב איך זיך געשטעלט די אויפגאַב אויסצוגעפינען:

1) פון וועלכן קוואַל האָט דער איד און העלענער אלישע בן־אַבויה געשעפּט זיין וויסן און אינספּיראַציע וועגן דעם גאָט־באַגריף, וואָס ער האָט געשאַפן אין זיין טראַקטאַט, וואָס ער האָט אָנגערופן „תורת־אי״ש״?

2) אונטער וועמעס השפּעה האָט זיך באַוועגט זיין גע־
דאַנקען־גאַנג, סיי ווען ער האָט „אָפּגעהאַקט די צווייגן פון זיין שטאַם״, סיי שפּעטער, ווען ער האָט איינגעזען זיין טעות און איז געוואָרן אַ חוזר־בתשובה.

כדי ווי געהעריק צו ענטפערן אויף די דאָזיקע פראַגן, איז וויכטיק פעסטצושטעלן, אַז אלישע בן־אַבויה איז בלי־ספק געווען איינער פון די געבילדעטסטע אידן פון זיין עפּאָכע: חוץ דעם, וואָס ער איז געשוואומען, ווי אַ געניטער טויכער, אין דעם ים־התלמוד און זייער פיל בייגעטראָגן צו דער אויס־
טייטשונג פון הלכה, איז ער אויך געווען גאָר אַ גרויסער בקי אין דער גריכישער פילאָזאָפיע און וויסנשאַפט און ער האָט אויסגעצייכנט גערעדט און געשריבן גריכיש און לאַטיין.

אין זיין פילאָזאָפישן דענקען איז ער געשטאַנען אונטער דער דירעקטער השפּעה סיי פון דעם גרויסן אידישן געלערנטן און דענקער, וואָס האָט געלעבט אַ פופציק יאָר פאַר אים, פילון אַלכסנדרוני, סיי פון די גריכישע פילאָסאָפן און גע־
לערנטע אַריסטאָטל, פּיטאַגאָר און עווקליד. אלישע האָט מיט דער פולער מאָס געשעפּט ביי די דאָזיקע רביים זיינע.

פילון אַלכסנדרוני האָט געזוכט צו דערקלערן תורת־
משה דורך די גריכישע פילאָזאָפן, באַזונדערס דורך פּלאַטאָ׳ן. ווייטער דערפון איז ער נישט געגאַנגען. ער איז פאַרבליבן אַן אָנהענגער פון מאָנאָטעאיזם (איין־גאָט באַגריף, אַחדות הבורא).

זיין תלמיד אלישע בן־אַבויה איז געגאַנגען אַ סך ווײַ־
טער: פון איין זייט האָט ער אַבסאָלוט אָפּגעוואָרפן דעם באַגריף פון פּאָליטעאיזם (פיל־געטעריי), אָבער ער האָט אויך בשום אופן נישט געקאָנט אָננעמען אָן רעזערוואַציעס דעם באַגריף פון מאָנאָטעאיזם על־פּי תורת־משה (אַחדות

הבורא). ער איז אויך אַ ווײַל נכשל געוואָרן פֿון דער לערע פֿון די ערשטע קריסטן, וואָס האָבן געפּרעדיקט „טרינִיטאַס״ (די דרײַ־איינִיקייט פֿון גאָט לויט דער לערע פֿון פּאָולוס׳ן, שאָול פֿון תּרשיש). אָבער ער האָט באַלד אָפּגעוואָרפֿן די פֿאַלשע לערע פֿון די קריסטן.

אין זײַנע טעאָלאָגיש־פֿילאָזאָפֿישע זוכענישן איז אלישע דערגאַנגען, אַז צוערשט איז געווען דער ח ו מ ר (מאַטעריע, קאָסמאָס), וועלכער האָט פֿון זיך געבוירן דעם ש כ ל (לאָגאָס, גייסט, וואָרט, גאָט), וועלכער האָט שפּעטער געשאַפֿן אָ ד מ׳ן (דעם מענטש). זײַן קאָנצעפּציע איז געווען, אַז נישט גאָט האָט באַשאַפֿן דעם קאָסמאָס, נאָר אַז דער קאָסמאָס האָט באַשאַפֿן די גאָט־קאָנצעפּציע — און די דאָזיקע גאָטהייט האָט אלישע געזען אין געשטאַלט פֿון די דרײַ הויפּט גאָט־באַגריפֿן פֿון זײַן צײַט: אַ פּ אָ ל אָ (דער גריכישער באַגריף פֿון גאָט־שיינקייט), י ו פּ י ט ע ר (דער רוימישער באַגריף פֿון גאָט־מאַכט) און ש ד י (דער אידישער באַגריף פֿון גאָט־יושר). די דאָזיקע דרײַ גאָט־באַגריפֿן, וואָס זײַנען געווען די קינדער פֿון ח ו מ ר, האָט אלישע געזוכט צו באַהעפֿטן אין איין גאָט־באַגריף א״יש (די ראָשי־תּיבֿות פֿון אַפּאָלאָ, יופּיטער, שדי) — און שאַפֿן פֿון זיי אַ נײַע גאָט־קאָנצעפּציע ס י נ ט ע א י ז ם (פֿאַראייניקטע גאָט־הייט) וואָס איז אויך סינאָנים מיט איש —מענטש. דערבײַ איז זײַן טעאָריע געווען, אַז א״ש איז גאָט און אָ ד ם איז מענטש, וועלכער שטרעבט דורך זײַנע מעשים צו דערהויבן זיך צו דער מדרגה פֿון א י ש — גאָט־מענטש.

נאָך אין איין פּרט האָט אלישע אָפּגעווייכט פֿון זײַן רבי פֿילון׳ס לערע. אלישע האָט געוואָלט באַווײַזן די ריכטיקייט פֿון זײַן גאָט־טעאָריע נישט דורך פּלאַטאָ׳ן, ווי פֿילון, נאָר דורך אַריסטאָטל׳ן, און דערבײַ האָט ער זיך באַניצט מיט פּיטאַגאָר׳ס מאַטעמאַטישע טעאָרעמעס און מיט עווקליד׳ס געאָמעטריע צו ווײַזן די עקזיסטענץ פֿון דער געטלעכער אַנטפּלעקונג (גילוי־יה).

באַניצנדיק זיך מיט גימטריאָות, האָט אלישע באַשאַפֿן זײַן „תּורת־אי״ש״ פֿון חומר, שכל, אָדם — ח׳, ש׳, א׳, וואָס באַטרעפֿט 309, און דערצו האָט ער זיי באַהעפֿט מיטן וואָרט בריאָה — ב׳, וואָס באַטרעפֿט 2 — צוזאַמען באַטרעפֿן די גימטריאָות 311, וואָס פֿאַלן זיך צוזאַמען מיט די גימטריאָות פֿון וואָרט „אי״ש״ — אלישע בן־אַבֿויה׳ס טעאָלאָגיש־פֿילאָזאָפֿישער טראַקטאַט „תּורת־אי״ש״.

ל. פֿיינבערג

## פּ ע ר ז אַ נ ע ן:

אַ ב ו י ה — רייכער גוט-באַזיצער און סוחר.
אֶ ל י ש ע — זיין זון. נאָכן חרם ווערט ער באַצייכנט מיטן נאָמען אַ ח ר.
אֱ ל י ע ז ר ב ן ה ו ר ק נ ו ס — תנאַ, אלישע׳ס רבי.
י ה ו ש ע ב ן ח נ נ י ה — תנאַ.
ר ב י ט ר פ ו ן —תנאַ.
נ י ק אָ ד י ם — אלישע׳ס לערער אין העלעניזם.
י ו א ל — אַ פישער, שפּעטער אַ סוחר, רחל׳ס פאָטער.
ר ח ל-ל ו פּ י אַ נ אַ — זיין טאָכטער, אלישע׳ס כלה.
ד ב ו ר ה — אלישע׳ס ערשטע ווייב.
נ ע מ י — זייער טאָכטער
ב ן ע ז אַ י — אלישע׳ס חבר אין פּרדס.
ב ן ז ו מ אַ — אלישע׳ס חבר אין פּרדס.
ר ב ן ג מ ל י א ל — נשיא פון סנהדרין.
ר׳ מ א י ר — אלישע׳ס געטרייסטער תלמיד.
ט י נ י ו ס ר ו פ ו ס (טורנוס רופוס)—רוימישער פּראָקוראַטאָר אין יהודה.
אַ ד ר י אַ נ ו ס (אַדריאַן) — דער קיסר פון רוים.
ל ו פּ ו ס — אַ גלאַדיאַטאָר, רחל-לופּיאַנאַ׳ס ערשטער מאַן.
ג ד — אַ זילבערשמיד אין קיסריה.
ח נ ה—אלישע׳ס קרובה אין רוים, שפּעטער זיין צווייטע ווייב.
ו י ב י אַ-ס אַ ב י נ אַ — קייסער אַדריאַנ׳ס ווייב, די צעזאַרין פון רוים.
ק אַ מ ו ס — רוימישער סקולפּטאָר.
ק ו ו ע ס ט אָ ר ש ע צ אַ ל — מלוכה-קאַסירער אין רוים.
אַ ל י פּ ו ס ק ר ע ט ו ס — רוימישער טריבון.
ט ע אָ פ י ל — פּרעסביטער פון רוים.
אַ ד ע ל פ ו ס צ י נ ו ס—רוימישער פּאָעט, אַדריאַנ׳ס שוואָגער.
ע ש ר ה ה ר ו ג י מ ל כ ו ת — די צען תנאים, וואָס רוים האָט געלאָזט הינריכטן נאָכן בר-כוכבאַ אויפשטאַנד:

א. רבן שמעון בן גמליאל, נשיא.
ב. רבי ישמעאל בן אלישע.
ג. רבי חנינאַ בן תרדיון.
ד. רבי יהודה בן בבאַ.
ה. רבי יהודה בן דמה.
ו. רבי חוצפּית המתורגמן.
ז. רבי חנינאַ בן חכינאי.
ח. רבי ישבב הסופר.
ט. רבי אליעזר בן שמוע.
י. רבי עקיבאַ בן יוסף.

## אינהאלט:

# א. אויף דער בשמים־נאָס

## 1. אַבויה

אין דוד'ס שטאָט ירושלים,
אויף בשמים־גאַס, ביים ווייסן וועג,
וואָס פירט אַרויף צום הר־הבית,
אַ מירמל־פּאַלאַץ שטייט ביים עק.
מיט ווייגגערטנער אַרומגערינגלט,
דער פּאַלאַץ הויבט זיך איבער שטאָט —
און ס'שטאַרצט זיין שפּיץ — אַ זילבער־פינגער
אין פּערלדיקן שטערן־שאָט.
די סעדער קריכן אויף שיפּוע
און גרייכן ביזן שוועל פון טיר.
אין מירמל־פּאַלאַץ וואוינט אַבויה,
אַ גרויסער יחסן און אַ גביר.
עס ציט זיין שטאַם פון חשמונאים
דער שטאָלצער, יוסטער בעל־הגוף.
ער איז אַ צדוקי און אַ כוהן,
און פול זיין הויז איז מיט כל־טוב.

אויף ביידע זייטן פון דעם ירדן
דעם עושר'ס גרויסער נאָמען שמ'ט:
מיט וואָל און נעגעלעך און נאַרדן
אַבויה האַנדלט אין דער פרעמד.
מיט תבואות זיינען פול די שייערס,
מיט שניט געבענטשטן פון זיין פעלד —
פון סוריה און ביז מצרים
ער פירט מסחרים מיט דער וועלט.
און זיינע קעמל־קאַראַוואַנען
קיין תרשיש פירן פלאַקס און זייד.
עס קענען אים די ווייטסטע קלאַנען —
און ס'טרויט אַבויה'ן איד און הייד.
נאָר נישט מיט זיינע פולע טישן
און נישט מיט רייכן קאַראַוואַן —
מיט זיין בן־יחיד'ל אלישע
מקנא איז אים ס'גאַנצע לאַנד.

* * *

אַבויה — צדוקי און העלענער —
מיט פּרושים האָט געפירט אַ קריג:
ר'האָט נישט געגלויבט, אַז צווישן י ע נ ע ר
און ד ע ר וועלט איז פאַראַן אַ בריק.

געוועזן זיין ערשטע ווייב עדינה
צעלאָזט, פאַרדאָרבן, ווי אַ שד,
געהאַט פון איר בלויז שאַנד און שנאה,
אויף דריטן יאָר זי אָפּגעגט.
האָט ער אַ צווייטע ווייב גענומען,
פון ווייטן מגדל זי געבראַכט —
אַ פרוי אַ שטילע און אַ פרומע,
נאָר גאָט פאַרשלאָסן האָט איר טראַכט.
האָט ער געגעבן זיך אַ שבועה:
אַז גאָט וועט שענקען אים גענאָד,
וועט ער — דער אומגלויבער אבויה —
דאָס קינד זיינס הייליקן צו גאָט.
האָט גאָט דערהערט ס׳געבעט פון שררה:
ס׳זאָל נישט פאַרלענדט ווערן זיין דור —
האָט אלישבע, די עקרה,
געבוירן אים אַ זון — אַ בכור.

נאָר יעדער אומגלויבער אַ קרבן
באַצאָלן מוז פאַר זיינע זינד,
איז אים אין קינפּעט ס׳ווייב געשטאָרבן,
געלאָזט מיט אַ פינף־טאָגיק קינד.
געוועזן איז טיף די פּיין אבויה׳ס,
ביז ווייטיק זיך געריסן ס׳לייב,
פאַרשוואוירן זיך מיט שטילער שבועה:
נישט נעמען מער קיין דריטע ווייב.
ס׳איז פאַר דעם יחוס׳דיקן עושר
געוועזן דאָס לעבן חרוב־וויסט,
האָט ער אַ טאָג נאָך שבת־בראשית
געפּראַוועט זיין בן־יחיד׳ס ברית.

## 2. אלישע׳ס ברית

אבויה׳ס הויז איז פול מיט גילה
כאָטש ס׳הויערט שאָטן נאָך פון מת.
דער עושר האָט צום זונ׳ס ברית־מילה
פון גאַנצן לאַנד געלאַדן געסט.
עס ברעכן טישן זיך פון טאָרטן
פון פיש און פלייש און וויין און מעד.
עס זיצן געסט אין זאַל, אין גאָרטן
אויף שטולן, בענק און היסב־בעט.
שוין אָפּגעזאָגט דעם מוהל׳ס ברכה,
שוין לאַנג פאַרשטילט דעם קינד׳ס געוויין.
אַ סעודה. ווי עס פּאַסט פאַר מלכים,
ער פּראַוועט פאַר די אנשי־חן.

אלישע — נאָך דער טויטער מוטער
אַ נאָמען האָט באַקומען ס׳קינד.
עס שפּילן כינור׳ס, ס׳וואָיען פלוטן,
עס פּייקלט פרייליך טאַמבורין.
ביי טישן אויסגעשטעלטע, לאַנגע,
די טישטעכער מיט גאָלד באַזוימט,
עס קלינגען ליכטיקע געזאַנגען
פון יבנה, אַטען און פון רוים.

עס זיצן רוימער ביי דער סעודה
אין טאָגעס זייבערע, ווי שניי.
פון גליל, נגב און יהודה —
תנאים, סוחרים, מוכסים — פּני.
טיבור — געהילף פון פּראָקוראַטאָר —
זיצט אָנגעלענט אויף היסב-בעט,
און לעבן אים — דער גרייז פון אַטען,
נעפּאַרוס — דענקער און פּאָעט.
מיט זיי — אַ רוימישע מאַטראָנע
אין וויאָלעטן סאַמעט-קלייד:
איר יונג און אויסגעכאַליעט פּנים —
אַ זוניק-פרילינגדיקע פרייד.

ביים צווייטן טיש זיצט דן דער מוהל
מיט לאַנג און צוקנדיק געזיכט.
און לעבן אים — די דריי תנאים:
יהודה׳ס קרוין און יבנה׳ס ליכט:
אויף רעכטס זיצט שיינער אליעזר
אין ווייסן סדין 1) מיט אַ שניט,
אַ שפּליטער פון אַן אַלטער גזע,
בן-זכאי׳ס תלמיד, דער „בור-סיד״. 2)
אויף לינקס — יהושע בן חנניה,
דער חכם-עתיק פון זיין דור,
מיט פּנים — ווי אַ גרויע קאַניע,
מיט ברייטער, אויסגעצופּטער באָרד.
מיט זיי — דער תנאָ רבי טרפון,
אַ גרויסער חריף און אַ גביר —
מיט אויגן צוויי, ווי מעסער-שאַרפן,
די באָרד, פון גרויקייט קוים באַרירט.

---

1) סדין — אַ מענערישער בגד. 2) „בור-סיד״ — אַ פולער טאָפּ, פון וועלכן קיין טראָפּן תורה קאָן נישט פאַרלוירן ווערן. מיט אָט-דעם נאָמען האָט ר׳ יוחנן בן-זכאי גערופן זיין בעסטן תלמיד אליעזר בן-הורקנוס.

און צווישן טרפון און יהושע׳ן,
די באָרד — ארומגעשוירן, קורץ —
אין בלויען טוניק 1) זיצט אבויה,
אַן אויסגעפּורעמטע סקולפּטור.
די געסט די רוימער זינגען לידער
און ס׳העלפט זיי גריכישער פּאָעט.
זיי קוקן גאווה׳דיק אויף אידן,
נאָר זים ז׳אבויה׳ס ווײַן און מעד.
ס׳לויכט אליעזר׳ס הדרת - פּנים.
ער קוקט אויף רוימ׳ס און אַטען׳ס פּני:
— „וואָס פרייען היינט זיך די יונים?
וואָס איז די גדולה דאָ אויף זיי?" —
און ס׳ענטפערט - אַפּ אים דן, דער מוהל,
די אויגן — ווי אַ פינגערהוט:
— „עס טוט מסתמא זיי הנאה —
מ׳האָט היינט פארגאָסן אידיש בלוט." —

ס׳הויבט אויף זיין שטימע ר׳ יהושע —
און אַלע בלייבן זיצן שטיל:
— „אַ דאַנק דיר, ווירדיקער אבויה,
פאַר רייכער סעודה, ווייַן און שפּיל.
עס איז פאַר מיר געווען אַ כבוד
דער סנדק אויפן ברית צו זיין,
כאָטש ווייט ביזטו מיט דיין מחשבה
פון תורת-משה — אונדזער שיין.
געהערט: פאַרפעלסט אָפט לייגען תפילין,
פאַרטאָן אין מסחר און אין געלט.
צי ווייסטו, אַז אַ שלעכטער ווילן
ברענגט - אום דעם מענטשן פון דער וועלט?
געהערט: מיט גויאישע עסקים
דו ביזט פאַרנומען טאָג - ווי - נאַכט,
נאָר טיילסט דעם קבצן שטענדיק צדקה
און גיסט דעם אביון אָפט אַ דאַך.
איך האָב געלערנט ביי מיין רבי׳ן:
׳דער נדבן קריגט ביים ארעמאַן
׳פיל מערער, ווי ער נעמט ביים געבער׳ —
אין דעם אַן אמת איז פאַראַן.
עס ווען האָבן עולם-הבא
אויך גוטע ניט - אידן, פאַרוואָר!
נאָר אידן דאַרפן היטן שבת,
אין הארצן טראָגן שדי׳ס וואָרט.

---

1) טוניק — אַ גריכישער און רוימישער בגד.

— „איך ווייס אַבויה, ביזט אַ צדוקי,
גלויבסט בלויז אין תורה שבכתב,
נאָר תורה שבכתב איז טרוקן,
אָן טעם, אָן ריח און אָן זאַפט.
די תורה דאַרפן אידן לערנען,
אין מויל זי נעמען, אויף דער צונג.
איך וויל, מיט אירע זיסע קערנער
זאָלסט אויפכאַוועז דיין שיינעם זון.״ —
עס הויבט זיך אויף פון טיש אַבויה,
אין אויגן — פיבערדיקער צאַנק:
— „אַ, גרויסער תנאַ, ר׳ יהושע,
פאַר גוטע ווערטער דיר אַ דאַנק!
מיט יאָרן צ׳ריק, נאָך איידער - איידער
מיין זון ז׳געקומען אויף דער וועלט,
האָב איך געגעבן זיך אַ נדר
צו ברענגען אים אין גאָט׳ס געצעלט.
און איצט, אַז גאָט האָט מיר אַן אוצר
געשאָנקען אין זיין גרויסן גנאַד,
כ׳נעם, תנאַ, אָן דיין קלוגע עצה:
כ׳וועל ס׳קינד מיינס הייליקן צו גאָט.
איך וועל אים שיקן אין ישיבה,
וואו תורה טריפט, ווי גוטער אויל,
מיין זון זאָל לערנען מיט עניוות
די תורה פון דעם תנאַ׳ס מויל.
נאָר איידער כ׳וועל אלישע׳ן שיקן
די תורה טועם - זיין ביי אים,
כ׳וועל אים באַקענען מיטן עיקר
פון תורה - אַטען און אָלימפּ. 1)
זאָל ער, ווי איך, פוןביידע תורה׳ס
אריינזאַפּן דאָס גרויסע ליכט,
דערנאָך — זיין אויסדערוויילטן גורל
אליין באַשטימען זאָל פאַר זיך.
און אָנגעזויגט פון ביידע בריסטן,
זאָל ער זיך אויסקלייבן אליין:
איז משה׳ס תורה, צי אַריסטאָ׳ס
דעם מענטשנ׳ס גאָט - באַשערטער לוין?״ —

די שקיעה לעשט זיך אין דיביימער.
עס קריכן שאָטנס שוין אויף טרעפּ.
עס פּאַטשן „בראַוואָ״ גריכן, רוימער.
די אידן בויגן - אָן די קעפּ.

---

1) אָלימפּ — דער הייליקער באַרג פון די גריכישע געטער.

## ב. דער תקיעת־כף

### 1. חכמת־יון

דאָס שטעטל מגדל דרעמלט, דרעמלט
אין גרינעם, זוניקן לעטאַרג.
די סעדער לויפן, ווי די לעמער,
געקרייזלטע — פון גלעד־באַרג.
אין שאָטן פון פלאַטאַנען־בוימער —
אַ ווייסע הויז מיט גרינעם דאַך.
אַ שלאַנקער טאַפּאָל, ווי אַ שומר,
שטייט ביים אַריינפאָר — אויף דער וואַך.
דער ים — אַ זילבערנע רצועה —
מיט ליסקעס שפּילט זיך אין דער זון.
דאָ וואוינט דער גרויסער גביר אבויה,
פון וועלט געשיידטער, מיט זיין זון.

אַ יאָר אַוועק. נאָך ווייב'ס לוויה
איז ער אַנטלאָפן, ווי פון קרעץ,
פון בשמים־גאַס אין ירושלים —
און דאָ אין מגדל זיך באַזעצט.
ס'איז פערציק יאָר ערשט אַלט אבויה —
און ס'פיינען מאַנונגען פון לייב,
נאָר הייליק היט ער אָפּ די שבועה:
נישט נעמען זיך קיין דריטע ווייב.
די הייסע, שלאַנגישע באַגערן
מיט ווילן שטאָלענעם ער צוימט.
און פאַר זיין זון אַ יונגען לערער
האָט ער אַראָפּגעבראַכט פון רוים.
און שאַרף אים אָנגעזאָגט: — „אַריסטאָ'ן
און פלאַטאָ'ן 1) קאָנסט אַנטפּלעקן אים,
נאָר פאַלשע לערע פון די קריסטן
נישט וואַג דערמאָנען, ניקאָדים!" —
אלישע שלינגט די חכמת־יון,
וואָס שטראַלט אים בלענדנדיק און בונט.
נאָר שטרענגע חוקים פון יהוה'ן
אבויה לערנט מיטן זון.

---

1) אַריסטאָ און פלאַטאָ — גריכישע פילאָזאָפן.

## 2. דער תקיעת־כּף

די יאָרן, ווי די בערג, זיך קרישלען.
עס גרויען שוין אַבויה׳ס האָר
אַ יונגער צעדער, וואַקסט אלישע,
ער דאַרף שוין ווערן דרייצן יאָר.
און אָפט ביים שיעור, אין יוגנט־פיבער,
ווי זיסער, אויסגעקלאָרטער ווייַן,
אין הארצן ברויזט די ערשטע ליבע,
געמישט מיט ביטערניש און פּיין.
אין בלוי־צערונצלטע אין־סופן
שווימט־אויף אַן אויסטערליש געזיכט:
ס׳איז רחל׳ס רייצנדיקער פּראָפיל,
וואָס מיניעט זיך אין שקיעה־ליכט.
זי איז אַ שכנה פון אלישע׳ן —
איר פאָטער יואל וואוינט נישט ווייט:
ער איז אַמאָל געוועזן אַ פישער,
און איצטער האנדלט ער מיט זייד.

אַבויה — דער בעל־גוף און כוהן,
דער יוסטער איד און גרויסער גביר —
האָט ליב געהאַט זיין שכן יואל
און מסחר אָפט מיט אים געפירט.
די קינדער וואַקסן דאָ צוזאַמען,
אין אויגן — ערשטער ליבע־שיין:
ס׳געדענקט אלישע נישט זיין מאַמע׳ן,
און רחל האָט איר מאַמע׳ן פיינט.
ווען ער בר־מצווה איז געוואָרן,
געוועזן איז רחל קוים ערשט צען:
די האָר — ווי טונקלער, רייפער קאָרן,
די אויגן — יאַשפים־גרינע שלענג.
אַבויה׳ס הארץ איז מלא־דיצה —
און ער פאַרבעט מיט ברייטער האַנט
צום גרויסן פעסט פון זונ׳ס בר־מצווה
די גדולים פון דעם גאַנצן לאַנד.

אַבויה׳ס הויז ז׳צעשטראַלט און ליכטיק.
מנורות וואַרפן העלע שיין.
די געסט — ביי טישן מיט געריכטן
פאַרווײַלן זיך מיט מעד און ווייַן.
אַרומגערינגלט פון משפחה
אַבויה זיצט — און לעבן אים
אלישע — דער בר־מצווה־בחור
זיצט מיט זיין לערער ניקאָדים.

און קעגן זיי — דער פישער יואל,
וואָס נעמט די אויגן נישט אַראָפּ
פון טעכטערל — דער יפת - תואר,
פון ניקאָדימ׳ס געקרויזטן קאָפּ.
אַבויה הויבט זיך אויף: — „רבותי,
איך טרינק פאַר אַלעמענס געזונט!
ביי מיר אַ שמחה ז׳היינט אַ גרויסע —
עס וואַקסט אַן אוצר מיר — אַ זון.

— „איך האָב אלישע׳ן אויסגעכאַוועט
אויף תורת-משה מיט אַ צוים,
נאָר אויך פון זיסער תורת - יון
האָב איך פאַרזייט אין אים די זוים.
מיין זון צו׳ר חופּה ז׳באַלד שוין ראוי,
דיין טעכטערל — צו כלה׳שאַפט,
איז וויל איך, ליבער שכן יואל,
דיר געבן דאָ אַ תקיעת - כף:
אַז ס׳וועלן אויסוואַקסן די קינדער,
זאָל צווישן זיי אַ שידוך זיין —
און גאָט זאָל זייער בונד פאַרבינדן
אין הייליקייט פון שכינה - שיין.״ —

אלישע׳ס האַרץ וויל זינגען הלל.
די באַקן פלאַקערן, ווי קין.
און ס׳רויטלט זיך די יונגע כלה,
די מאַנדל - אויגן — יאַשפים - גרין.

## 3. אַבויה׳ס טויט

דריי יאָר אַוועק. אַ נאַכט אין תשרי.
אין פאָטער׳ס חדר ברענט אַ ליכט.
ביי זיין צוקאָפּנס שטייט אלישע
און קוקט אויף טאַטנ׳ס בלאָס געזיכט.
ער האַלט מיט גוואַלט אין האַלדז איין ס׳כליפּן,
וואָס קרעלט אים, ווי אַ ביין, אין שלונג.
עס פליסטערן אַבויה׳ס ליפּן:
— „כ׳וועל לאַנג נישט דויערן, מיין זון.
מיט יאָרן צ׳ריק, נאָך איידער - איידער
דו ביזט געקומען אויף דער וועלט,
האָב איך געגעבן זיך אַ נדר
צו ברענגען דיך אין גאָט׳ס געצעלט.
צו שיקן דיך אין דער ישיבה,
וואו תורה טריפט, ווי גוטער אויל.
אַז דו זאָלסט לערנען מיט עניוות
די תורה פון דעם תנא׳ס מויל.

— „נאָר איידער כ׳וועל, מיין זון, דיך שיקן
די תורה טועם זיין ביי אים,
כ׳וועל דיך באַקענען מיטן עיקר
פון תורת - אַטען און אָלימפּ.
דו זאָלסט, ווי איך, פוןביידע תורות
אַריינזאַפּן דאָס גרויסע ליכט,
דערנאָך — דיין אויסדערוויילטן גורל
אַליין באַשטימען זאָלסטו פאַר זיך.
און אָנגעזויגט פון ביידע בריסטן,
זאָלסטו זיך אויסקלייבן אַליין:
איז משה׳ס תורה, צי אַריסטאָ׳ס
דעם מענטשנ׳ס גאָט-באַשערטער לוין?
האָט ניקאָדים די תורה - יון
מיט דיר געלערנט יאָרן - לאַנג —
און איך — די תורה פון יהוה׳ן,
די חוקים פון דיין פאָלק און לאַנד.

— „נאָר נישט גענוג. די צייט ז׳געקומען
דו זאָלסט פאַרלאָזן ס׳רייכע גוט,
זיך לערנען תורה פון דיין אומה
ביי אליעזר׳ן אין לוד.
כ׳האָב אים שוין וועגן דיר געשריבן.
ער וויל דיך נעמען אויף דער לער.
דריי יאָר זאָלסט זיצן אין ישיבה —
אַ שאָף אַ ריינע אין זיין העדר.
דערנאָך וועט זיין ביי דיר די בחירה
זיך אויסצוקלייבן לעבנס - וועג.
נאָר היט, אלישע, זיך פון כפירה
און גיי נישט אויף אַ פאַלשן שטעג.
ס׳וואָלט גוט געווען, ווען קאָנסט פאַראייניגן
מיין לאַנג שוין אויסגעבענקטן טרוים:
די תורות דריי אין בונד אין איינעם:
יהודה, גריכנלאַנד און רוים.״ —

אבויה׳ס ליפּן בלויען, בלויען
אין שיין פון צאַנקנדיקן ליכט.
אלישע קוקט מיט גרויל און טרויער
אויף פאָטער׳ס זינקנדיק געזיכט.
ער פילט, די רייד אויף צונג אים פרירן
און פאַלן פון די ליפּן שווער:
— „אַ דאַנק דיר, פאָטער, פאַר דער בחירה,
איך וועל דיין אָנזאָג פאָלגן, כ׳שווער.״ —

## 4. אַ טאָג בײַם ים־כּנרת

עס בליצן װאָכן, װי חלפים:
אַבויה ז'טויט און יואל ז'טויט.
אַזױפֿיל פּײַן, אַזױפֿיל שטראָפֿן
פֿאַרפֿינצטערט האָבן יוגנט־פֿרייד.
װי סטילוסן, די שעה'ן קריצן
אויף צייט־טאָװלען געהיימען כּתב.
ס'געדענקט אלישע זיין בר־מצווה,
אַבויה־יואל'ס תּקיעת־כּף.
די תּשרי־נאַכט פֿון פֿאָטער'ס גסיסה,
זיין אָנזאָג, װי אַ שאַרפֿע רוט.
עס װייטיקט ס'האַרץ אים שװער און ריסיק:
ער גרייט זיך אָפּפֿאָרן קיין לוד.

ער זיצט אַליין בײַם ים־כּנרת.
עס װײַסלען זעגלען זיך אין ים.
די װאָלקנס — פֿלעקיקע פֿאַנטערעס —
צעװאָרפֿן שאָטנס איבער זאַמד.
אַ רויטע, פֿלאַקערדיקע דלילה,
מיט האָר צעפֿלאַמטע, װי אַ פֿאָן —
די שקיעה צאַנקט, װי ליכט פֿון נעילה,
אויף הויך־געװעלבטן האָריזאָנט.
דער אָפּפֿלוס שניצט מיט דלאָטע שאַרפֿער
דאָס זאַמדיקע געזימס פֿון ברעג.
אַ ציפּרעס־בוים — אַ דינע האַרפֿע —
די סטרונעס צו דער שקיעה שטרעקט.
ר'איז זעכצן יאָר ערשט אַלט געװאָרן —
און ס'איז זיין האַרץ אין טרויער־קלעם.
עס רייפֿט זיין פֿאָטער'ס פֿעלד מיט קאָרן —
און ער דאַרף פֿאָרן אין דער פֿרעמד.

דער פֿרילינג שפּילט מיט זיסע פֿאַרבן
אויף בוים און קוסט, אויף פֿעלד און פֿלוין.
אַ רעיון פּיקט אים, װי אַ שפּאַרבער:
זיין כּלה רחל בלייבט אַליין.
װי שלענג, אין האַרץ פֿון יונגן נזיר
עס ראַנגלט ליבע זיך מיט פֿליכט:
װי װעט ער דאָ אַליין זי לאָזן?
װי קאָן ער נעמען זי מיט זיך?
עס הויבט זיך אויף פֿון שטיין אלישע,
נעמט האַסטיק שפּאַנען פֿאַזע ברעג.
און פּלוצים — װי אַ בלויער כּישוף,
װאַקסט רחל אויס אויף מגדל־װעג.

עס שלענגלט זיך אַ בלויע סטענגע
אין אירע האָניק - ברוינע האָר,
פון ליפּן — אויסגעקרימטע, שטרענגע
מיט האַס און ווייטיק רייסט זיך ס׳וואָרט:
— „דו פאָרסט אַוועק — און לאָזסט מיך איבער.
די קרובים רופן מיך קיין רוים.
וואָס ווערן וועט פון אונדזער ליבע?
איך וועל זיך הענגען אויף אַ בוים.״ —

זי שטייט פאַר אים — אַ שטומע חיה —
און בעט זיך רחמים, ווי אַ שקלאַף:
— „דו ביזט מיין חתן, זיי מקיים
דעם הייליקן תקיעת - כּף!״ —
ער ענטפערט: — „ס׳האָט מיין פאָטער׳ס שבועה
צו פאָרן לערנען זיך קיין לוד
געבונדן מיך, ווי מיט רצועות —
איך מוז פאַרלאָזן איצט מיין גוט.
ווער ווייסט, כ׳וועל אפשר זיין אַ תנאָ —
און קלינגען וועט מיין שם אין לאַנד,
און ס׳וועט דיך, רחל, זיין מקנא
די גאַנצע וועלט מיט מיר, דיין מאַן.
איך האָף, דו וועסט אויף מיר דאָ וואַרטן,
אויב דו האָסט מיך באמת ליב...״ —
עס בלייכן אירע באַקן צאַרטע,
און בייזער צאָרן קרימט איר ליפּ:
— „איך וועל נישט וואַרטן אויף אלישע׳ן,
כאָטש ס׳הארץ מיט ליבשאַפט ז׳פול, ווי ווייַן.
און דו? דיין הארץ איז פול מיט רשעות —
איך האָב דיך פיינט! איך האָב דיך פיינט!״ —

זי קוקט אויף אים מיט טראָץ און העזה.
אויף בלויע ליפּן פינעט שוים:
— „דו ווילסט, אלישע, זיין אַ נזיר.
איך וויל זיין צעזאָרין פון רוים!״ —
זי לאָזט זיך לויפן, ווי אַן אינדיין,
מיט גיכע טריט צום טאַטנ׳ס הויף.
אלישע שטייט אין שטוין אין בלינדן —
און ס׳האָקן העמערלעך אין שלייף.

אַ וואָך פאַרביי. עס הערט אלישע:
זיין רחל איז אַוועק קיין רוים.
און ער — נאָך תורה׳ס זיסע קרישן
פאַרלאָזט האָט ער זיין רייכע היים.

## ג. אחר

### 1. די קללה פון בחירה

ניין יאָר אַוועק. ווי יונגנט - טרוימען,
שוין לוד און יבנה — הינטער אים.
אלישע איז אַ טרייער שומר
אין חרוב הויז פון אלהים.
דריי יאָר איז אָפּגעוועזן אלישע
ביי אליעזר'ן אין לוד —
דריי יאָר האָט אים ביים תנאָ'ס טישן
געבייטשט די תורה, ווי אַ רוט.
נאָך דריטן יאָר האָט יונגן תלמיד
אַריינגערופן דער „בור - -סיד":
— „מיין זון, אין טיפן ים פון תלמוד
אליין שוין שווימען ביזט געניט.
איך האָב געשריבן צו דעם נשיא
גמליאל — קיין אושאַ וועגן דיר:
ער לאַדט דיך איין אויף חמשה - עשר
צו קומען לייענען אים אַ שיעור." —

זינט דאַן — אין ליכטיקע לבושן
זעקס יאָר שוין האָבן אָפּגעשטראַלט:
אלישע וואוינט שוין לאַנג אין אושאַ, 1)
ר'איז זעקס און צוואַנציק יאָר שוין אַלט.
צוויי יאָר פאַרהייראַט שוין צו דבורה'ן,
ר' פנחס' טאָכטער פון בית - שאָן.
ער גייט אין וועגן פון דעם בורא —
און ס'איז דעם תנאָ'ס שטול שוין נאָנט.
נאָר ס'האָט די הייראַט נישט געבראַכט אים
קיין רו, פאַרגעסנקייט און גליק:
ס'זעט דבורה אָפט אים אַ פאַרטראַכטן
מיט ווייטן, בלאַנדזשענדיקן בליק.
עס זיינען פרעמד איר זיינע דרכים.
ער קומט אַליין זעלטענער אַהיים.
זי ווייסט נישט, אַז ער בענקט נאָך רחל'ען,
וואָס איז שוין לאַנג אַוועק קיין רוים.

---

1) אושאַ — שטאָט אין גליל, וואָס איז געווען דאָס זיץ־אָרט פון סנהדרין, נאָכדעם ווי ער האָט געמוזט פאַרלאָזן יבנה. אין אושאַ זיינען פאַרפאַסט געוואָרן די באַרימטע „תקנות־אושאַ", וואָס האָבן נאָכן אויפשטאַנד פון בר־כוכבאַ רעגולירט דאָס לעבן פון אידישן פאָלק.

## 2. ספיקות

אלישע טראָגט די שווערע עול'ן,
געשמידט צו'ר תורה, ווי שקלאַף.
און איבער אים הענגט וויסטע קללה
פון פאָטער'ס שטרענגער בחירה'שאַפט.
און שיין איז ער, ווי קיניג שלמה:
די באָרד — אַסיריש - שוואַרץ, ווי פעך,
דער גוף — אַ כוס פון זיסער שלימות,
די זעל — אַ שלאַנגישער געפלעכט.

ער איז אַ צדוקי, ווי זיין טאַטע,
און האַלט פון תורה שבכתב.
ער וואַרט: אַנטפּלעקן וועט מטטרון 1)
אים גאָר די סודות פון באַשאַף.
ער טראָגט דעם טלית און די תפילין,
ער היט די דינים פון זיין גאָט,
נאָר אין געהיים שטודירט ער פילון, 2)
דער פאָטער פון דעם לאָגאָס - סוד. 3)
און דורך די נעכט ער לייענט אַריסטאָ'ן,
די „עטיקס" און דעם „אָרגאַנאָן", 4)
די לערעס פון די ערשטע קריסטן,
די ליבע - לידער פון נאַזאָן. 5)

ער זוכט פאַרגלייכן תורת - משה
מיט לערעס פון עלאַדע, 6) רוים:
עס בליצט דאָס ליכט פון פאַר - בראשית —
און ס'עפנט זיך פאַר אים אַ תהום.
עס וואַרט אויף אים די שטול פון תנאַ,
וואָס וועט אים שמידן, ווי אַ קייט.
און ער — דער אומרו — איז מקנא
דעם פרייען דענקער'ס בעטלער - קלייד.
זיין רעיון נישטערט אין די ספערן,
זוכט פון יצירה דעם יסוד —
און ספיקות פינצטערע פאַרצערן:
ער קאָן נישט גלויבן בלינד אין גאָט.

---

1) מטטרון — דער מלאָך, וואָס שטייט אַמנאָענטסטן צו גאָט.
2) פילון—דער גרויסער אידישער פילאָסאָף פון אַלעקסאַנדריע.
3) לאָגאָס — דאָס וואָרט, וואָס איז די אויסשטראַלונג פון גאָט לויט פילונ'ס לערע.
4) „עטיקס" און „אָרגאַנאָן" — די ווערק פון אַריסטאָטעל.
5) נאַזאָן, אָווידי — רוימישער דיכטער.
6) עלאַדע — גריכנלאַנד.

### 3. אַ תפילה

די זון גייט - אַפּ אין טייכן בלוט.
דער אָוונט דעמערט, דעמערט.
אלישע׳ס מוח בייטשט אַ רוט,
אויף ליפּ אַ תפילה זמר׳ט :
— „איך רוף דיך, גאָט, מיט שטילן קול
און האָף, דו וועסט מיך הערן :
מיט צאַרטער האַנט דעם תורה - עול,
אָ, נעם - אַראָפּ, דעם שווערן !
ווי משה האָט דעם האַרטן שטיין
אין מדבר - זאַמד געשלאָגן,
און אָנגעפילט פאַר גרוים און קליין
מיט וואַסער אַלע לאָגלען, —
איך שטיי פאַר דיר מיט יונגען קאָפּ
געבויגן אין מיין תפילה :
דו זאָלסט מיט רחמים׳דיקער גאָב
מיין דאָרשט נאָך וויסן שטילן.

— „ס׳האָט פאָטער מיך אין טאָג פון ברית
געהייליקט צו דיין נאָמען,
נאָר ס׳האָט דער סם פון פרעמדע בריסט
צעשפּאָלטן מיין נשמה.
אבויה האָט אין מיינע הענט
אריינגעלייגט די בחירה,
נאָר ס׳פירט דער רעיון צום פאַרלענד
אויף אומוועגן פון כפירה.
עס איז די בחירה דאָך ביי דיר —
און נישט ביים ילוד - אישה,
איז זיי אַ רחמים׳דיקער הירט
צום קנעכט דיינעם אלישע.
אָ, מאַך מיר גרינג דעם תורה - עול,
די שרעק פאַר שכר ועונש.
איך רוף צו דיר מיט שטילן קול —
און דו ? — אין קול ואין עונה.״ —

### 4. אַ זעאונג אין אַ שטורעמדיקער נאַכט

די נאַכט איז שוואַנגער מיט סכנה.
אהינטער שויבן וואַכט די שרעק,
ווי ס׳וואָלטן וואַלדישע גזלנים
באַפאַלן פּלוצים ס׳דאָרף מיט העק.
אין שטילן חדר קנויטן ברענען.
אלישע׳ס האַרץ — דער העלסטער קנויט —
ווי ס׳וואָלטן אַלע הינט פון גיהנום
זיך אָפּגעריסן פון דער קייט.

אין שטילן אַלקער שלאָפֿט שוין דבורה,
די קליינע נעמי שלאָפֿט אין וויג.
אלישע ז׳מיד פֿון לערנען תורה,
וואָס בינדט זיין מוח, ווי מיט שטריק.
וואָס האָט געבראַכט אים די משפחה?
בלויז טעג פֿון אומרו און פֿון שולד.
און פּלוצים טוט אַ בליץ אים רחל...
ר׳טוט האַסטיק זיך אַ הויב פֿון שטול.
ער קען אויף אויסוויינִיק פּינדאַר׳ן 1)
און די הלכות פֿון זיין שטאַם,
נאָר איבער אַלץ ער זעט די מראה
פֿון רחל׳ען ביים כנרת - ים.
זי טראָגט אַ גרין - געהאָפֿטן קליידל,
אַ בלויע סטענגע אין די האָר —
און הערצער פֿלאַטערן בייביידן,
ווי יונגע שוואַלבן אין קאַיאָר.

ער שפּאַנט אַרום, ווי אין אַ תּפיסה:
— ׳וואו איז זי איצט — זיין יוגנט - טרוים?׳ —
׳און וועמעס עלטער - טעג פֿאַרזיסן
׳די ליפּן אירע — ווייט אין רוים?׳ —
עס טוט אַ שפּרונג, פֿון פֿייל געטראָפֿן,
אַ וועלפּיכע — דאָס יונגע האַרץ.
און ס׳גיט אַ ברי אים הייסע סטראָפֿע
פֿון דיכטער געטלעכן פּינדאַר:
— „נישטאָ קיין אמת אויסער ליבע. —
דער זין פֿון לעבן און פֿון זיין.
אין שעה׳ן פֿינצטערע און טריבע
זי וואַרעמט ס׳האַרץ, ווי אַלטער וויין.״ —
דעם הימל - רוים האָט דורכגעשטאָכן
מיט רויטע פֿינגער דער באַגין.
ער זעט: אויף שויבן שמייכלט רחל
מיט שלאַנגען - אויגן — יאַשפּיס - גרין.

## 4 אין פּרדס

די יאָרן קריכן, ווי די פּרידות
מיט פּעק באַלאָדן — באַרג - אַרויף.
עס עקבערט זיך אין תּורה - סודות
אלישעס דמיון, ווי אַ שרויף.
דריי יאָר שוין, ווי דעם תּנאַ׳ס מאַנטל
ער טראָגט בנימוס׳דיק און שטאָלץ.
אין כנישתּאָ 2) איבער פּאָליאַנטן,
ווי ריינער זילבער, קלינגט זיין קול.

---

1) פּינדאַר — גריכישער דיכטער. 2) כנישתּאָ — בית־המדרש, פֿאָלקס־הויז.

עס נויגט אַן אויער צו אַ תּלמיד,
אַ תּנאַ שאָקלט מיטן קאָפּ,
ווי ברונים קוואַליקן פון תּלמוד
אלישע טיפער, טיפער גראָבט.
ווי ניסן-שטערן, שיינט זיין מזל.
ר׳האָט דריי חברים אָפּגעשפּאָרט:
דער נאָענטסטער איז אים בן-עזאי,
דער העלסטער שטערן פון זיין דור.
מיט אים — עקיבאָ און בן-זומאָ —
פיר זין, געהייליקטע צו גאָט.
מיט זיי ער נישטערט אין די רוימען
און עוסק׳ט זיך אין פּרדס-סוד.

געוועזן עקיבאָ איז אַ פּאַסטעך,
ביז דרייסיק יאָר געפּאַשעט שאָף —
און איצט אויף אייביק איז פאַר׳קנס׳ט ער
צו כּלה לויטערסטער — אין-סוף.
געוועזן בן-זומאָ איז אַ סוחר,
מיט וואָל געהאַנדלט און מיט טוך —
און איצט, פאַר׳עקשנט, ווי אַ טויכער,
אין ים פון פּרדס — פּערל זוכט.
געוועזן בן-עזאי איז אַ וועבער,
פון זייד טליתים שטיל געוועבט —
איצט קלעטערט ער אין בלויען נעבל
אויף פּרדס׳ פינקלדיקע טרעפּ.

זיי טרעפן זיך אַמאָל אין טבריה,
אַמאָל אין אושאַ, אין בני-ברק —
און עוסק׳ן אין פּרדס-לערע,
וואָס שטראַלט-אָפּ בליציק, ווי שמאַראַגד.
אלישע לערנט ספרי-עכו׳ם
און זוכט אַ צייכן אין אין-סוף —
און פאַר די אויגן פלאַקערט, פלאַקערט
די שיין פון אלף, מם און תּיו.
און ווען אַ רמז אין דער תּורה
ווערט פּלוצים קלאָר אים, ווי בורשטין,
ער טיילט זיך פריידיק מיט חברים —
און איז זיי מסביר טיפן זין.
זיי הערן-אויס אלישע׳ס סברות —
און שאָקלען אָפּטמאָל מיט די קעפּ:
עס שמעקט פון אים עבודה-זרה,
מיט פּלי אויף שווינדלדיקע טרעפּ.

## 5. דער פקדון

אלישע חשבונ׳ט טעג אָן אויפהער,
אין מידע אויגן — בחיר־שיין.
און בלויז דעם תלמיד מאיר סופר
ער לאָזט צו זיך אַמאָל אַריין.
און איינמאָל מאיר איז געקומען,
פֿאַרטאָג אלישע׳ן אויפגעוועקט.
עס טריפט די פּיין פון אויגן שטומע,
אין בליק — פֿאַרלוירנקייט און שרעק.
אויף גרויען סדין — ריס פון קריעה:
— „אָ, רבי. שווער, צו־שווער די זינד.
ס׳האָט מיך געטראָפן פּלאָג פון איוב,
איך האָב פֿאַרלוירן ביידע זין.
— „כ׳קום נעכטן אָוונט פון דער כנישתא
צו זיך אַהיים — און מיטאַמאָל:
מיין ברוריה שטייט, ווי אַ צעמישטע,
און פרעגט מיט ציטער מיך אין קול:
׳ס׳האָט נעכטן פרי מיר אַ בן־אָדם
׳געבראַכט צוויי שטיינער — אַן אַנטיק,
׳און היינט שוין מאָנט ער דעם פּיקדון —
׳זאָג, דאַרף איך געבן זיי צוריק?׳
׳אַוודאי, — ענטפער איך איר פריידיק.׳
זי נעמט ביים האַנט מיך מיט באַשייד —
און פירט אַריין אין קינדער׳ס חדר:
זיי ליגן אין די בעטלעך טויט.
— „זי פליסטערט שטיל: — ׳ס׳האָט גאָט געגעבן
׳און צ׳ריקגענומען ביידע זין.׳
איך פרעג נישט זיינע דרכים, רבי,
מסתם איז דאָ אין אַלץ אַ זין.
איך בעט דיך קומען צו׳ר לוויה.
איצט דאַרף איך לויפן נאָך אין שטאָט...״ —
און ביי אלישע׳ן בליצט אַ רעיון:
— ׳נישטאָ קיין יושר אויך ביי גאָט?׳ —

## 6. די פויגל־נעסט

און איינמאָל האָט ער ביי בן־עזאי׳ן
פֿאַרבראַכט אין טבריה צוויי־דריי טעג.
ס׳האָט צוגעשפּילט אים דאָרט דאָס מזל
אין גריכישער ביבליאָטעק.
ער האָט געפונען אַ פּאַפּירוס,
אַ זעלטענעם — אַן אבן־טוב,
וואָס האָט אַנטפּלעקט פֿאַר אים די סתירה,
אַ שפּאַלט געעפנט צום אין־סוף.

עס פײניקט אים אַ שווערער רעיון:
׳כ׳קאָן בלינד נישט גלויבן אין אחד,
׳איך מוז געפינען וואו אַ ראיה,
׳אַן אײזערנע: פאַראַן איז גאָט!׳
און דאָ האָט ער די טעג געפונען
אַ בוך, געשריבן פון אַ גריך,
האָט אים דער תוכן פון אמונה
אַ בליץ געטאָן אין נײעם ליכט.
נישט וויכטיק, ווי מע קומט צום גלויבן,
מע דאַרף דערגרייכן בלויז דעם ציל:
צום כסא-הכבוד זיך דערהויבן,
דערזען אים הינטערן געהיל.

* * *

ס׳איז שבת נאָכמיטאָג אין טבריה.
די לופט איז שטיקנדיק און הײס.
ער שפּאַנט אַרום בײם ים-כנרת —
און זוכט אַ ווינטל, ווי אַ טרײסט.
ער זעצט זיך צו, אַן אײנגעמידטער,
אין שאָטן פון אַ פּאַלמע-בוים.
דער ים איז שטיל קײן שאָרך, קײן ציטער,
די הײסע לופט באַוועגט זיך קוים.

ער זיצט פאַרטאַיעט. פּלוצים זעט ער,
צי דוכט זיך אים עס אין פאַרגעס:
אַ יונגער בחור קלעטערט, קלעטערט
אויף פּאַלמע צו אַ פויגל-נעסט.
די פויגל-מוטער נעמט דער בחור —
און לאָזט די פײגעלעך אַלײן.
ער קריכט אַרונטער מיט נצחון
און לאָזט זיך לויפן איבער פלוין.
אלישע שטוינט: עס איז נישט מותר...
דער בחור איז באַגאַן אַ זינד...
די תורה זאָגט: פאַרטרײב די מוטער,
און דערמלט נעם פאַר זיך דאָס קינד.

ער זיצט ביז אָוונט אַ פאַרגאַפטער,
זײן בליק פאַרוואָרפן טיף אין רוים.
און פּלוצים זעט ער: אין אַ קאַפּטן
אַ צווײטער בחור קריכט אויף בוים.
דער בחור טרײבט אַוועק דעם פויגל
און נעמט די פײגעלעך אין שוים.
אלישע קוקט מיט שטאַרע אויגן,
אויף שטערן פּערלען טראָפּנס שווײס.

און מיטאַמאָל — אַ בייזער נחש
שטרעקט - אויס זיין צינגל, ווי אַ שווערד,
ער טוט אַ ביס אין האַנט דעם בחור,
וואָס פאַלט אַ טויטער צו דער ערד.
עס גיט אַ שפּרונג פון באַנק אלישע,
ווי אים געביסן וואָלט די שלאַנג.
רעיונות קנוילן זיך און מישן
ווי בייזע חיות אין געפאַנג.
עס עפנט זיך פאַר אים אין פלאַמען
דער שאול — און ס׳וואַקלט זיך יסוד.
אין מוח קלאַפּן טויזנט האַמערס:
— „נישטאָ, נישטאָ, נישטאָ קיין גאָט!״ —

## 7. אלישע - אַחר

אָפּגעצוימט מיט זיבן שלעסער,
זיצט אלישע. נאַכט — אָן שלאָף:
ווי אַ שטראַלנדיקער כתר,
לויכט דער פּרדס אין אין - סוף.
פיין פון בענקשאַפט, פרייד פון פרישות,
פריי פון לעצטן שוין פאַרבאָט —
און אין פּרדס זעט אלישע
דריי - געשטאַלטיקייט פון גאָט.
אין דער בחיר - שיין פון חלום,
אין חשמל׳יקן צעשטראַל:
שדי, יופּיטער, אַפּאָלאָ —
צאָרן - גאָט אין דריי - געשטאַלט.

שדי — גאָט פון משה׳ס דאָרן,
גאָט פון פלאַקערדיקן בוש,
וואָס בן - עמרם׳ן אין צאָרן
האָט געטויט מיט זיסן קוש.
שפּרינגט אַפּאָלאָ איבער לאַנען
מיט זיין בלאַנד - געקרויזטן לאָק,
גרייט די בתולות צו באַמאַנען,
ווי אַ ווילדער ציגנבאָק.
און אין דונערן און בליצן
כעס׳ט יופּיטער אויף אָלימפּ:
קיינער קאָן זיך נישט באַשיצן
פון זיין צאָרנדיקער שטים.
איבער פּרדס׳ בלויע שטיגן
שפּאַנט אלישע׳ס וואַקל - טראָט,
זעט: אין שטראַלנדיקן שפּיגל
אַלע דריי צוזאַם — אחד.

אלישע קריצט אויף טאָוולען צייכנס
לויט פעסטע כללים פון עווקליד. 1)
ער זוכט אין ציפערן דעם תוכן
פון גאָט און טבע, הייד און איד.
עס שווינדן צייכנס און צירופים:
איז ערשטע סיבה לעצטער סוד?
איז אַלץ אין טבע בלויז אַ צופאַל?
איז גאָט דער טבע'ס אַנטיפּאָד?
ער חשבונ'ט-אוים: דאָס וואָרט הטבע
איז בגימטריאַ אלהים.
ער קוקט פאַרוואונדערט אויפן טעוול:
נאַטור און גאָט — אַ סינאָנים.
עס בליצט אין מוח די אַנטפּלעקונג:
נאַטור איז גאָט און גאָט ז'נאַטור.
האָט ער דאָ אויפגעהויבן ס'דעקל
פון טיפסטע סודות פון יצור?
ער ווייסט, דער כופר ז'חיב מיתה,
עס שמעקט מיט פעך פון כף-הקלע,
נאָר ס'לויכט פאַר אים די מתרוניתאַ
אין רחל'ס שטראַליקן געשטאַלט:
— „עס וואַרט אויף דיר אַ רייכע סעודה
אין נצח-פּלאַץ פון מיינע בריסט...
כי אחר אתה בין היהודים,
ביזט אַנדערש, חתן — קום, געניס!" —
ער כאַפּט זיך אויף. די נאַכט ז'פאַרשוואונדן.
באַגין גייט-אויף אין בלויען פּלאַץ.
אלישע, דורכגעשטראַלט פון וואונדער,
שניידט-אָפּ די צווייגן פון זיין שטאַם.

## 8. רבי און תלמיד

די נאַכט איז שפּעט. מע קלאַפּט אַן אויפהער.
ער עפנט-אויף די ווייסע טיר:
ס'שטייט אויף דער שוועל דער יונגער סופר,
זיין תלמיד מאיר — שטום, פאַרווירט:
— „דו וועסט אַנטשולדיקן מיר, רבי
פאַר שטערן דיר אין שפּעטער שעה:
עס פליִיצט אַ מבול — פעך און שוועבל —
קיין צוים, קיין אָפּשטעל איז נישטאָ.
ס'הערשט אין סנהדרין אַ מהומה —
אלישע'ס נאָמען — שאַנד און גרויל.
בין איך צו דיר אַהער געקומען —
דעם אמת הערן פון דיין מויל." —

---

1) עווקליד — גריכישער מאַטעמאַטיקער.

אלישע הויבט זיך אויף — אַ פּאַלמע,
וואָס שפּרייט די צווייגן נאָכ׳ן שלאָף:
— „אַ דאַנק דיר, מאיר — טרייער תּלמיד,
ווילסט מיר געטריי זיין ביזן סוף.
נאָר כ׳קאָן נאָך אַלץ דאָ נישט באַנעמען
פון דיינע רייד, וואָס ס׳איז געשען.
איך זע: דיין האַרץ ז׳אַ פולער עמער,
און ס׳ציטערן ביי דיר די הענט.״ —

ס׳צעברעכט זיך מאיר׳ס קול, דאָס דינע,
און פּלאַצט, ווי אַ צעלעכצט געפּעם:
— „בן-זומאָ איז אַראָפּ פון זינען,
בן-עזאי ז׳טויט — הציץ ומת.
עס פּלאַפּלען צינגער אויף באַזאַרן,
די כנישתאָ, ווי אַ קעסל, קאָכט.
עס רוקט אויף דיר זיך בייזע כמאַרע:
עס שמעקט מיט חרם און מיט בראָך.
איך וויים, דו האָסט אַ פּאָר חברים,
זיי וועלן ביישטיין דיר אין שלאַכט,
זיי וועלן שיצן דיך פון חרם,
נאָר ס׳איז סנהדרין אויפגעבראַכט.
פאַרגעס דעם פּרדס — ר׳וועט דיך פירן
צו גרויליק-איבעראײַלטער טאַט.
עס הענגט אויף דיר די שווערד פון כפירה,
ס׳איז פּ ר ד ס בגימטריאָ ש מ ד.״ —

אלישע שוויגט און קוקט אויף תלמיד
מיט ווייכן, ווייטיקדיקן בליק.
ער נעמט אַראָפּ פון בלויען אַלמער
אַ טאָוול אויף אַ זילבער-שטריק:
— „אמונה איז אַ גאָלד-מטבע,
וואו אויסגעקריצט דאָס וואָרט איז „שם״:
אויף איין זייט — אהיה אשר אהיה,
אויף צווייטער זייט — דער סמך-מם.
ווי קאָן איך גלויבן אין זייביידן?
אויב אהיה איז געווען גערעכט:
אַ אינגל שיקן צו׳ר עקדה,
האָט סמך-מם די זעלבע רעכט.
און אויב אברהמ׳ן צום נסיון
געוואָלט האָט שטעלן סמך-מם,
באַגלייך אין בלוטיקן שגעון
איז שולדיק, שולדיק אויך דער שם.

— „איך גלויב נישט, מאיר, אין קיין ניסים,
און כ׳קאָן אין גאָט נישט גלויבן בלינד,
און שווער איז מיר דער עול פון איסור
פון לאו און עשה, שכר און זינד.
די גאָטהייט איז אַ טיפער ברונים,
פונוואַנען אייביק ס׳שעפּט דער גייסט.
איך מוז באַפעסטיקן אמונה
מיט שטאַרקן, אייזערנעם באַווייז.
אויב שדי איז דער גאָט פון יושר,
וואָס פייניקט ער מיין אָרעם פאָלק:
פון שטומע ליים-קנעכטער אין גושן
ביז שקלאַפן אונטער קיסר׳ס עול?
אויב גאָט האָט אויסדערוויילט ישראל
און אים געגעבן תורת-חי,
וואָס שיקט ער נישט קיין וואָרן גואל
אים אויסלייזן פון שקלאַפעריי?
ס׳מוז זיין אַן אַנדער גאָט פון יושר,
אַ גאָט פון סדר, נישט ווילקיר,
וואָס האָט אַנטפּלעקט זיך נישט צו משה׳ן,
ער וועט אַנטפּלעקן זיך צו מיר.
איך האָב דערזען אין פּרדס-חלום
דאָס העכסטע, הייליקסטע געבאָט:
יופּיטער, שדי און אַפּאָלאָ
פאַראייניקן אין גאָט — אחד.״ —
— „מיין, רבי גייט אויף קרומע וועגן״... —
— „ניין, מאיר, ס׳איז מיין ציל מיר קלאָר:
פאַרקירעווען פון שמאָלע שטעגן
צו ברייטער וועלט מיט אונדזער וואָרט.״ —

ס׳פאַרברעכט די הענט ר׳ מאיר: — „רבי,
דו פירסט מיט אונדז אַ פאַלשן קריג.
דו ביזט דיין אייגענער באַגרעבער,
נאָר גאָט וועט ברענגען דיך צוריק!״ —

### 9. חרם

יענעם טאָג — סוף ראָש-חודש תשרי
מ׳האָט פאַרמאַכט יעדע קראָם און באַזאַר.
געווען איז פאַרפול שוין די כנישתאַ —
און דער עולם האָט אַלץ נאָך געשפאַרט.
אויף די פליושענע שטולן — תנאים
אין געשטרייפלטע סדינים פון זייד.
די תלמידים, וואָס זיינען שוין ראָוי,
אויף געהובלטע בענק — ביי דער זייט.

ווי אַ גמל אַ רויטער — די שקיעה
פאַרבט מיט וואַכרע די ווייסע ווענט.
אויבנאָן — לעבן נשיא גמליאל
זיצט אלישע — פאַרלייגט די הענט.
ער קוקט אויף די נאָענטסטע חברים
און פאַרנעמט דאָס געוויש פון המון.
ער פילט נישט אין האַרצן קיין מוראַ,
נאָר ער שפּירט: ער איז איינער אַליין.

ס׳גיט גמליאל אַ קלאַפּ מיטן האַמער —
און אין כנישתאַ פאַרשטומט דאָס גערויש:
— „דער סנהדרין האָט היינט זיך פאַרזאַמלט
מיט מיר, מיטן נשיא בראש.
ס׳איז אַן ענין אַ האַרבער, רבותי,
וואָס די תורה רירט־אָן און איר לוין.
עס האָט איינער געגעסן בוסר —
און ביי אַלעם ווערט אייליק די ציין.
ס׳איז דערגאַנגען צו אונדז: ס׳האָט אלישע
בפרהסיה געלעסטערט גאָט׳ס וואָרט.
אויב ס׳איז אמת, נישט בלייבן קיין נשאַר
זאָל פון אים ביזן לעצטן דור.
נאָר איידער עס ווערט דאָ באַוויזן
פאַרן גאַנצן סנהדרין זיין שולד,
זאָל יעדער פון אונדז זיין נזהר
נישט אַריבערצוטרעטן דעם גבול.״ —

פון עולם הויבט אויף זיך אַ הויקער,
אויפן פּנים — אַ בלויער שראַם:
— „רבותי, איך האָב נישט קיין ספיקות,
ס׳האָט דער עוכר געפּעלשט אין זיין שטאַם.
אַנומלט — איך שטיי ביי דער כנישתאַ,
און פּלוצים — פון שול אַ געשריי:
צווישן קינדער שפּאַנט־אום אַ צעמישטער
אַט־דער אחר — און טענה׳ט צו זיי:
׳וואָס דאַרפט איר דאָ לערנען די תורה?
׳ס׳אומזיסט און אומנישט אייער מי.
׳ס׳איז שוין בעסער צו האַנדלען מיט סחורה,
׳נייען שיך, אָדער פּאַשען פי.
׳סאיז די תורה נישט מער, ווי אַ כישוף,
׳וואָס פאַרבלענדט און באַשווערט אייך, ווי בליי.
דאָס זאָג איך אייך — דער תנאַ אלישע —
׳גייט פונדאַנען — און לעבט אויף דער פריי!׳״ —

דער נשיא שפּאַרט - אַן זיך אין טישל
און קלאַפּט מיטן האַמער דריי מאָל:
— „וואָס האָסטו צו זאָגן, אלישע?
הויב - אויף קעגן טוען דיין קול!" —
גיט אלישע אַ קריץ מיט די ציינער.
אין די אויגן — אַ גרוויליקער גיר:
— „איך לייקן נישט אָפּ דאָ קיין איינע
פון די טענות אַנטקעגן מיר.
איר זוכט אין רצוּעות זיך בינדן
צו לאָוו'ן און עשה'ס און שכר.
כ'קאָן נישט גלויבן אין גאָט, ווי אַ בלינדער,
כ'וויל נישט זיין קיין קנעכט צו קיין האַר.
ממעמקים — פון זעלישער חשכות
צו דין - תורה איך רוף אונדזער גאָט:
ער איז עובר געווען אויף בל - תשחית,
געפעלשט דעם „לא - תרצח" געבאָט:
ער האָט חרוב - געמאַכט בית - ראשון,
אונדז קיין בבל פאַרטריבן אין קייט —
איז געקומען צוריק דער נשאָר
און ווידער דעם מקדש געבויט.
ער האָט חרוב - געמאַכט בית - שני
און צו רוים אונדז פאַריאַכט, ווי קנעכט.
ער פירט אונדז, ווי שאָף — צו דער בוינע,
ער שעכט — און ער בלייבט נאָך גערעכט.
קום איך איצט צו אייך, איך — אלישע
בן - אבויה פון מגדל, דער שטאָט:
לאָמיר בויען דעם בית - השלישי
נישט צו אים, נאָר צום וואָרן גאָט." —
צווישן עולם דערהערט זיך אַ מרוקן:
— „שניידט אים אויס די גיפטיקע צונג!" —
— „געווען איז זיין טאַטע אַ צדוקי,
איז אַ מומר - להכעיס דער זון". —
— „כ'האָב געזען, ווי דער כוכב - זנבי 1)
האָט מיט רוימישע זונות פאַרקערט.
ער זינגט צו זיי „שירי - עגבים", 2)
וואָס שמעקן מיט טריפה'ן באַגער!" —
— „וואָס שווייגט איר — תנאים? איז לית - דין
פאַרן הירט, וואָס פאַר'סמ'ט האָט די שאָף?" —
— „ער איז ווערט אַרבע מיתות בית-דין!" —
— „גיב אים, נשיא, די האַרבסטע שטראָף!" —

---

1) כוכב־זנבי — שטערן מיט אַן עק, אַ זידל־וואָרט.
2) שירי־עגבים — ליבע־לידער, תאווה־לידער.

— „ער האָט אָפן געלעסטערט די תורה!" —
— „לאָזט מיך וואַרפן דעם ערשטן שטיין!"
— „אַ חרם אויף אים, אַ חרם,
אויף אים און זיין הינטיש געביין!" —
ר' גמליאל רופט - אויס: „אַפּיקורס!
דו — אחר! דו — כופר בכל!
ס'קומט דיר חרם! אויף אַלע דורות
זאָלסט נישט קומען בקהל ישראל!" —

ביינאַכט האָט גוטער תלמיד מאיר
אלישע'ן אָפּגעפירט אַהיים,
געזעגנט זיך ביים ברוינעם טויער,
אַ קוש - געטאָן זיין רבי'נס זוים.
געוואָרט האָט דבורה אויף זיין קומען,
ווי ס'וואַרט אַ שפּאַרבער אויף אַ שוואַלב.
ער לייענט אין אירע אויגן שטומע:
— 'זי ווייסט שוין אַלץ! זי ווייסט שוין אַלץ!' —
און פּלוצים האָט זי זיך צעהעשעט:
— „וואָס האָסטו, גזלן, אָפּגעטאָן?" —
ער שפּירט, ווי ס'רייסט זיך לעצטער קשר —
און זיין באַפרייאונג נאָנט איז, נאָנט.

ער רעדט מיט פאַרזיכט און רחמנות:
— „איך האָב צעקריגט זיך מיט מיין גאָט.
צו בלייבן דאָ איז אַ סכנה,
איך מוז פאַרלאָזן באַלד די שטאָט." —
זי שפּרינגט - אויף — אַ צערייצטע לייבין.
די בייזע אויגן — גרוי, ווי צין:
— „דו האָסט געפעלשט דיין גאָט און גלויבן —
אויף וועמען לאָזט מיך מיטן קינד?" —

— „איך לאָז דיר דאָ מיין גאַנץ פאַרמעגן!" —
אלישע ענטפערט מיט געבעט.
די ווערטער אירע ס'האַרץ זיינס זעגן:
— „איך וועל נישט געבן דיר קיין גט!
איך ווייס דו יאָגסט זיך נאָך אַ זונה,
וואָס האָט פאַרלאָקט דיך מיט איר בייז.
ס'וועט גאָט באַצאָלן דיר דיין עונש,
פאַרנעם זיך, אחר, פון מיין הויז!" —

אלישע שווייגט. פון הייסע וויעס
צו ליפּן קייקלט זיך אַ טרער.
פאַרטאָג איז ער קיין קיסריה
אַוועקגעריטן אויף אַ פערד.

# קיסריה

## א. נע־ונד

### 1. אלישע׳ס טרוימען

די שטאָט פון געצנדינער טליעט
אויף שייטערן פון זון־פאַרגיי.
אלישע וואוינט אין קיסריה
אין הויז ביים הורדוס־מאַוזאָליי.
אַהינטער אים — שוין אַלע בריקן
מיט גאָט און שטאָט אויף אַש פאַרברענט:
נישטאָ צום עבר קיין צוריקקער,
פאָראויס — נצחון, צי פאַרלענד.
ער הערט די קללות פון חברים:
אלישע — אַחר — אַפּאָסטאַט!
ס׳איז ביטער אים דער עול פון חרם,
נאָר ביטערער — דער נע־ונד.

ער האָט דאָ נישט קיין פריינט, קיין גואל,
אַ חוץ זיין לערער ניקאָדים.
ער דרייט זיך אום — אַ טמא כוהן,
וואָס האָט פאַרלייקנט אלהים.
ער איז פאַר׳כישופ׳ט פון אַ חלום:
דורך פשט און רמז, דרוש און סוד
פאַראייניגן געטער דריי: אַפּאָלאָ,
יופּיטער, שדי — אין אחד.
ביי יעדן איינציקן באַזונדער
דער פולער אמת קאָן נישט זיין:
צוזאַמען שאַפן זיי דעם וואונדער
פון שטראַלנדיקער בהיר־שיין. 1)
מיט הילף פון שאַרפע טעאָרעמעס
פון דעם מכשף פּיטאַגאָר 2)
וועט ער דערגרונטעווען דעם אמת
און וועט פאַרוואַנדלען טרוים אין וואָר.

אלישע חלומ׳ט נאָך אַ חלום:
אַמאָל דערקלייבן זיך קיין רוים —
דאָרט וואוינט זיין רחל — רויז פון גליל —
זיין כלה־פרייד, זיין יוגנט־טרוים.

---

1) בהיר — ספר הבהיר — קבלה־ספר. בהיר מיינט שיין.
2) פּיטאַגאָר — גריכישער פילאָזאָף און מאַטעמאַטיקער.

## 2. אין אַמפּיטעאַטער

עס רוישט, עס זשומט אַמפּיטעאַטער.
דער עולם וואַרט פון ערב-נאַכט:
עס וועט טעווטאָנער גלאַדיאַטאָר
אַזאָן היינט געבן ערשטע שלאַכט.
אלישע וואַרפט די מידע בליקן
אויף לאָזשעס, אויסגעצירט מיט גרינס:
בלויז רויט-געפאַלדעטע געניקן
און פרויען-אויגן — היים, ווי קין.
און פּלוצים טוט דער זאַל אַ פּלאַטער:
טרומייטן שאַלן מיט געוואַי,
עס שפּאַנט אריין דער פּראָקוראַטאָר,
מיט אים — אַ הויכע, שלאַנקע פרוי.
אלישע'ס האַרץ — אַ הירש אַ ווילדער,
וואָס לויפט פון יעגער'ס פלינקער פייל.
זיין אויער טויט איז צום געפּילדער,
זיין בליק געווענדט צום בלויען זייל,
צו רויטער לאָזשע ביי אַרענע,
וואו, גדלות'דיק און אומפאַרשעמט,
זיצט שלאַנקע פרוי מיט האָר שאַטענע
אין דימענטענער דיאַדעם.
מיט אויגן — גליענדיקע פאַנען
רעדט שיכור'לעך צענטוריאָן: 1)
— „די שיינע אידין לופּיאַנאַ,
זי האָט דערגרייכט שוין ביזן טראָן." —
און ס'ענטפערט-אָפּ אים — מעשה בריה —
זיין פריינט — דאָס פּנים, ווי אַ שטשור:
— „אין גאַנצער רוימישער אימפעריע
נישטאָ אַזאַ אַ צווייטע הור!" —
און פאַר אלישע'ן נעמט זיך וויגן
די פרוי, די לאָזשע און דער זאַל.
ער פליט אַרונטער פלינק די שטיגן
און ס'יאָגט אים נאָך טרומייטן-שאַל.

## 3. אַ דעראינערונג

טויך-אויף אין היילן פון זכרון,
אַ, ליכטיקע דעראינערונג:
די יוגנט זינגט — לוויים-כאָרן,
ווי פייגל זינגען אין דער זון.
עס וויקלט זיך פאַר אים זיין לעבן —
אַ פיל-קאָלירטן וויקלשנור:
אַזויפיל זון, אַזויפיל נעבל —
און אַלץ פאַרשוואונדן אָן אַ שפּור.

---

1) צענטוריאָן — מיליטערישער עלצטער ביי די רוימער.

ר׳געדענקט: אַ טאָג ביים ים-כנרת,
עס ווייסן זעגלען זיך אין ים.
די וואָלקנס — פלעקיקע פאַנטערעס —
צעוואָרפן שאָטנס איבער זאַמד.
אַ מיידל קוקט אויף אים מיט העזה,
אויף בלויע ליפן פינעט שוים:
— „דו ווילסט, אלישע, זיין אַ נזיר,
איך וויל זיין צעזאָרין פון רוים!״ —
צוויי צענדליק יאָר אַוועק אין בראָכן.
אין פיין, אין חרם און אין שאַנד —
געוועזן די בענקשאַפט איז צו רחל׳ען
אין האַרצן, ווי אַ פייערבראַנד.
און היינט — אין לאָזשע ביי אָרענע,
אין ליכט פון רווישנדיקן זאַל
האָט אויפגעטויכט אין פרוי שאָטענער
זיין רחל׳ס רייצנדיק געשטאַלט.
פון ליכטיקן אַמפיטעאַטער
עס שפּאַנט אלישע ערב-נאַכט:
זיין האַרץ — אַ יונגער גלאַדיאַטאָר,
וואָס גרייט זיך צו דער ערשטער שלאַכט.

### 4. ביים אלטן לערער

אויף מאָרגן איז צו ניקאָדימ׳ען
אַריין אלישע, ווי אַ ווינט.
מיט פרייד געציטערט האָט זיין שטימע,
מיט צער — ווי אַ צעפּיעשטשעט קינד.
ער וואַרט אַליין, אין קעלער-שטיבל —
בלויז פאַרמעטן פון ציגל-פעל.
ס׳איז אַלץ, וואָס איז אים נאָך פאַרבליבן —
זיין גאַנץ פאַרמעגן — חרב-תל.
ער גריסט אלישע׳ן, בעט אים זיצן,
ווישט אָפּ דאָס בענקל מיט דער האַנט.
די אויגן — אָפּגעקילטע בליצן —
אויף תלמיד קוקן ווייך און באַנג.
— „כ׳האָב נעכטן דאָ געפונען רחל׳ען,
מע רופט זי לופּיאַנאַ, מעטר. 1)
זי שיינט — ווי ליכטיקע מלאָכים
פאַר כסא-הכבוד אין געבעט.
עס האָט געררוישט אַמפיטעאַטער —
אַ פולער בינשטאָק — מיט המון,
נאָר איבער אַלעם האָט געפלאַטערט
איר קאָפּ אין דימענטענער קרוין.

---

1) מעטר — לערער.

— „און אויסגעזען האָט זי פיל אינגער
פון אירע פינף-און-דרייסיק יאָר.
נאָר ס'האָבן שאָקלהאָפטיקע צינגער,
ווי הינט, געשענדט איר נאָמען דאָרט.
געוואָלט די פינצטערע פאַרשווערער
פון כעס צעטרעטן אונטער זויל...
בין איך צו דיר געקומען, לערער,
וואָס ווייסטו וועגן איר? דערציייל!" —
דער אַלטער קנייטשט דעם הויכן שטערן.
זיין קול איז קלינגעוודיק און קלאָר:
— „אַז צינגער פלאַפּלען, דאַרף נישט הערן
אַ קלוגער מאַן, ווי דו, פאַרוואָר!
כ'קאָן צופיל וועגן איר נישט ריידן —
עס איז אַ טיפער סוד פאַראַן...
איך בין געבונדן מיט אַ נדר,
וואָס ציט זיך נאָך פון גליל-לאַנד.
מע רעדט אין שטאָט: אין דער אַלמנה
פון בלויען טורעם זיצט אַ שד:
איר גרינער בליק איז אַ סכנה,
און סם — איר יעדער קוש און גלעט.
— „געווען איר מאַן אַ גלאַדיאַטאָר,
אַ יונג אַ שיינער, ווי אַ קנויט,
נאָר ס'האָט די פרוי אים אָפּט פאַרראַטן
און יונג געטריבן אים צום טויט.
זי איז שוין פיר יאָר אַן אַלמנה —
און הייראַט נישט קיין צווייטן מאַן.
זי איז די מלכה פון סאַלאָנען,
אויף רוימיש לשון קורטיזאַן.
אַנומלט האָט דאָ אַדריאַנוס 1)
אין בלויען טורעם זי באַזוכט,
געמאַכט זי פּריסטערין פון יאַנוס, 2)
און ווייַן געטרונקען פון איר שוך.
איך ווייס: זי טראָגט אַ סוד באַהאַלטן,
וואָס מאַטערט זי שוין צוואַנציק יאָר —
און אונטער מאַסקע שווארצער, קאַלטער,
אַ האַרץ קאָן קלאַפּן, פול מיט פאָרכט." —
אלישע הערט די רייד פון לערער.
זיין האַרץ — אין קלעם פון פרייד און שרעק.
און ס'טוט אַ פּלאַטער ים-כנרת,
דער ערב-נאַכט ביים מגדל-וועג.

---

1) אדריאַנוס — רוימישער קיסר.

2) יאַנוס — דער גאָט פון זון און אָפענע טויערן ביי די רוימער.

## ב. אין בלויען טורעם

### 1. די פריסטערין פון אישטאַר [1]

דער פּאַלאַץ דרימלט אין לאַזורן —
אַ דימענט איינגעפּאַסט אין ים.
דער האַלב-טאָג גליט אויף בלויען טורעם.
עס שמעקט מיט מירדע און באַלזאַם.
אלישע שטייט ביים גרינעם טויער
און וואַרט אויף ליכטיקן באַשייד:
אין ברוינע אויגן — קילער טרויער,
אין האַרצן — שטורעמדיקע פרייד.
ער טראָגט אַ קורצן, ווייסן טוניק,
די באָרד און פּאות אָפּגעגאָלט:
ער האָט פון אידישער אמונה
אראָפּגעוואָרפן לעצטן עול.
ער האָט געשיקט דער האַרין זאָגן:
עס וויל זי זען אַן אַלטער פריינט.
איצט וואַרט ער דאָ. זיין האַרץ — אַ לאָגל
איז פול מיט האָפענונג און פּיין.

דער דינער אין אַ ווייס מונדירל
דערנענטערט זיך צו אים מיט האַסט.
ער עפנט - אויף דאָס גרינע טירל
און טיף פאַרנייגט זיך פאַרן גאַסט:
— „עס וואַרט די גנעדיקע מאַטראָנע
אין גאָרטן אויפן יונגן האַר!” —
אלישע שפּאַנט. צווישן קאַלאָנעס —
אַ ווייסער פסל פון אישטאַר.
אויף בלויע בייטן בליען בלומען.
די לופט איז דורכזיכטיק, ווי גלאָז.
עס שמעקט מיט רייפן, שפּעטן זומער,
מיט ריח פון געקאָשיעט גראָז.

אויף גרינער באַנק ביים מירמל-טישל
זיצט רחל — ווי אַ שוואַרצע שוואַן.
זי הויבט זיך האַסטיק אויף: — אלישע!” —
און בלייבט פאַרגליווערט שטיין אין וואַן.
אין מאַנדל-אויגן — גרינער אומעט,
געמישט מיט פאַרוואורף, שטוין און גאַל:
— „געבענטשט, אלישע, איז דיין קומען!” —
און פאַלט אַרויף אים אויפן האַלדז.

---

1) אישטאַר־עשתורת—די געטין פון ליבע ביי די כנענים און בבלים.

ער האַלט זי לאַנג אין זיינע אָרעמס.
די אַקסלען צוקן נאָכאַנאַנד:
ווי פייגל, פליען־אָן די יאָרן
ביים מגדל־ווער אין גליל־לאַנד.
זיי זעצן זיך אויף באַנק אַנידער.
עס זינגען פלייטן אין זיין בלוט:
— עס האָט געלוינט אים די מרידה
פאַר אָט־דער לויטערער מינוט! —
— „געדענקסט, אלישע, אונדזער שיידונג
ביים בלויען ים, אויף מגדל־ווער:
מיט האָרץ — אַ פלאַמיקער עקדה
כ׳בין יענעם טאָג קיין רוים אַוועק.
כ׳בין יונג געווען — און ס׳איז די יוגנט
אַ ניט־פאַרזייט, צעאַקערט פעלד:
אַמאָל אַ פרייד, אַמאָל — אַ טוגנט,
וואָס פירט צו הפקר און צו תל.
איך האָב דער פרייד זיך אָפּגעגעבן —
און אויף עקסטאַטישן אַלטאַר:
געדינט אי פּאַלאַס׳ן, אי פעב׳ן, 1—2)
געקניט אין טעמפּל פון אישטאַר.
נאָר גלויב, אלישע, אויף אַלטאַרן
פון אַלע טעמפּלען — איבעראַל,
אין אַלע אויסטערלישע מראה׳ס
האָב איך געבענקט נאָך דיין געשטאַלט.״ —
פאַרווירט, פאַרטאַיעט און פאַר׳כישוף׳ט
פון נישט־געהאַרטער, זיסער פרייד,
אין פּאַלמען־גאָרטן זיצט אלישע
און הערט זיך צו צו רחל׳ס רייד:
— „אין רוים — די ערשטע יאָר, די זיבן
זיינען געווען אַ רויזן־בעט:
עס האָבן מיר געשאָנקען ליבע
טריבון, סענאַטאָר און פּאָעט.
פאַר זיי אין רוימישן טעאַטער
כ׳האָב יעדע נאַכט אַנטבלויזט מיין לייב,
ביז לופּוס גראַקך, דער גלאַדיאַטאָר,
האָט מיך גענומען פאַר זיין ווייב.
מיין נאָמען רחל פאַרן גוי איז
געווען צו־אייליק אויף די ציין,
האָט ער אין אייפערזוכט אין שלויער
אויף לופּיאַנאַ מיך געקרוינט.

---

1—2) פּאַלאַס־גאָט פון מענער־קראַפט. פעב־גאָט פון גבורה ביי די גריכן.

— „געוועזן אַ טרוקענער בעל־תּכלית,
כ'האָב זיבן יאָר געצאָלט אים מס.
עס האָט זיין גוף פאַרצערט אַ מחלה —
מיין גאָט, ווי איך האָב אים געהאַסט!
און דאָ קיין רוים איז אָנגעקומען
אַ יונגער, פלאַמענדיקער בריט — 1)
און אָנגעפילט מיין הארץ מיט טומאה,
מיט הייסער תאווה — יעדן גליד.
און ליב געהאַט האָב איך, אלישע,
דעם יונגן און ווירילן ברוט —
און פינעף יאָר האָט ער מיט רשעות
פון הארצן מיר געזויגן ס'בלוט.
— „ביז ס'האָט אים אדריאַן, דער קיסר,
אין ווייטער גאַליע 2) פאַרשיקט,
איז ער פון דאָרט נאָך שלאַכטן הייסע
שוין נישט געקומען מער צוריק.
איך האָב געבענקט נאָך דעם בריטאַנער,
ווי נאָך זיין תּליון — קרבן בענקט.
נאָר ס'האָט דער קיסר אדריאַנוס
אַ מירמל־פּאַלאַץ מיר געשענקט.
— „איצט בין איך פיר יאָר אַן אַלמנה,
און כ'בין מיין מאַן געבליבן טריי.
כאָטש בייזע צינגער פון די שונאים
מיין שם דערמאָנען דאָ לגנאי.
כ'בין מיד פון לוסט, וואָס סמ'ט און שרפ'עט
דאָס הארץ פון פרוי, ווי שלאַנגגיפט.
בלויז ערשטע ליבע — ווי אַ האַרפע,
מיט כּישוף־טענער קלינגט און טריפט." —
אלישע שווייגט. — „דו מעגסט מיר גלויבן!" —
קלינגט־אָפּ איר שטימע היים און שאַרף:
— „איך וויל געטריי־בלייבן אויף אייביק
מיין ליכטיקער אַלמנה'שאַפט." —
עס פלאַטערט איבער הויכן שטערן
אויף ברוינע האָר אַ ווייסער לאָק:
— „כ'בין יונג — און ס'בליען די באַגערן
אין הארצן, ווי אַ מאַנדלשטאָק...
אלישע, איצט ביסטו געקומען —
און צ'ריקגעבראַכט דעם יוגנט־טרוים..." —
זי הויבט זיך אויף. אין אויגן — אומעט:
— „נאָר ס'רופט מיך אדריאַן קיין רוים.

---

1) בריט — בריטאַנער (פאַרצייטיקער ענגלענדער).

2) גאַליע — אַמאָליקע פראַנקרייך.

— „צען טעג פֿאַרבליבן צו׳ר נסיעה...
אלישע... צען... געציילטע... טעג...״ —
זיין האַרץ — אַ טירקל־טויב אין שקיעה —
אַ פֿלאַטער טוט פֿון פֿרייד און שרעק.
אין בליק — אַרויסרוף און הבטחה,
זי לאָזט זיך שפּאַנען איבער הויף:
— „אלישע, קום — דיין כלה רחל
איר חתן שולדיק איז אַ חוב!״ —

## 2. צעגליטע קנויטן

דאָס הינטל ליגט אויף רויטן טעפּיך
און חלום׳ט וועגן בלאָנדער צויג —
און ס׳גליט אין קוטשעראַווען קעפּל
אַ גרינער עמעראַלד — דאָס אויג.
די שקיעה צאַנקט אין הייסן צאַפּל.
אלישע זאַמט זיך אויפֿן שוועל.
דאָס שוואַרצע הינטל לעקט די לאַפּע
און שויבערט שאַרכנדיק די פֿעל.

אַ שטומע, רחל קעמט ביים שפּיגל
דעם ווייסן לאָק אויף ברוינע האָר.
עס פֿלאַטערן, ווי זעגל־פֿליגל,
די נאָזלעכער אין הייסער וואָר.
איר לייב — ווי דורכזיכטיקער מירשוים,
אַ פֿלאַקער־פֿלאַטערדיקער קנויט,
איז גרייט צום שפּרונג — אַ שלאַנקע הירשין
אין בלויען, סאַמעטענעם קלייד.
אין גרינע אויגן — פֿרייד און טרויער
און ליבשאַפֿט, אויסגעמישט מיט גרויל —
און ס׳גליען אויסגעבענקטע שעה׳ן,
ווי פֿלאַטערלעך אַרום איר מויל.

זיי שטייען — צוויי צעגליטע קנויטן:
עס מאָנען ליפּן, ס׳גאַרן הענט.
די שקיעה ענגט אין רויטע צויטן
אויף בלויע, טאַפּעצירטע ווענט.
ער שפּרייזט די שטומע שוועל אַריבער.
דאָס האַרץ איז פֿול מיט ליב, ווי ווייַן:

געבענטשט זאָל זיין די שפּעטע ליבע,
וואָס האָט אין האַרבסט אים אויפֿגעשיינט.
די לופֿט — אין גלי פֿון הייסע ווינטן
איז זיס און דורכזיכטיק און בלוי.
און ס׳טוט שפּרונג דאָס שוואַרצע הינטל
און לויפֿט אַרום מיט אַ געוואַי.

### 3. אַלמנה־שאַפּט

די שקיעה קלאַפּט מיט רויטע פינגער
אין בלויער אָוונטיקער שויב
און לעקט מיט בלוטיק־הייסע צינגער
דאָס בעט, די בענקלעך און דעם שטויב.
די לופט איז אָנגעגליט אין חדר.
אין אויגן — מאַנונג און געבעט.
און רחל וואַרפט אַראָפּ די קליידער
און שפּרינגט מיט פרייד אַריין אין בעט.
איר לייב — אַ מעין המתגבר,
וואָס האָט געדרימלט צווישן בערג,
האָט אויפגעוואַכט פון לאַנגען שלאַבער
אין אויפגעשטורעמטען באַגער.
אלישע שטייט אין שטוין געבויגן.
איר אָטעם ריסיק איז און זיס.
ער קושט די טרויעריקע אויגן,
די קילע, טורעמדיקע בריסט.
עס פלעכטן אָרעמס זיך אין קנופּן,
און ליפּ דערנענטערט זיך צו ליפּ.
און איבער זיי — אַ בלויע חופּה
פון ווערטער פיר: — „איך האָב דיך ליב!” —
די שקיעה שטאַרבט אויף שויבן בלויע.
אויף בעט שוין לעשט זיך לעצטער שטראַל.
איר לייב, ווי אויפגעפּראַלטע רוי־ערד,
טרינקט דאָרשטיק, גיריק פון זיין קוואַל.
און הינטער וויעס איר שוואַרצאַפּל
מיט בענקשאַפט פיבערדיקער גליט,
ווען אין עקסטאַז פון ליבע צאַפּל
זי רופט דעם נאָמען אָן פון בריט.
אלישע גלעט איר לאָק פאַרשנייטן
און בייסט זיין ציטערדיקע ליפּ.
זיין האַרץ גייט־אויס אין פּיין און ווייטיק:
נישט אים — דעם בריט — האָט זי געליבט.

### 4. אין רחל׳ס צימער

אלישע רוט אין רחל׳ס צימער.
אין גאָרטן וואַסערט זי אַ בויט.
ער זעט אין האַלבן וואַך־און־דרימל:
עס ווייט אין ווינט איר פאַרביק קלייד.
איר צימער בלאַנקט — אַ ראָזער היכל,
אַ בעט, אַ טישל און אַ שראַנק.
און אויף געשטעל דער פּסל שמייכלט
פון לופּום גראַקך — איר טויטן מאַן.

אלישע קוקט. זיין בליק ז'באַצויבערט
פון טויטנ'ס בליק, ווי אין דעליר.
ביי זיינע פיס דאָס הינטל שויבערט
די פעל — און וואַרט אויף זיין באַריר.

דער טויטער מאַן פאַרקנייטשט דעם שטערן,
און ס'קרימט זיך ווייטיקדיק זיין ליפּ.
און ס'דוכט זיך, אַז ער רעדט דורך טרערן:
— „כ'בין פיר יאָר טויט — נאָר כ'האָב זי ליב!
איך האָב איר זיבן יאָר פּאַטאַלע
געשענקט מיין ליבשאַפט און מיין האַרץ —
און זי — די פּריסטערין פון פּאַלאַס —
זי האָט מיט אַלעם מיך גענאַרט.
פון אַדריאַן ביז גלאַדיאַטאָר,
באַהערשט פון שנאָה'ס בייזער קראַפט,
האָט זי, אַ ברוויזנדיקער קראַטער,
מיט האַר געזיינדיקט און מיט שקלאַף.
כ'האָב אַלץ געוואוסט — און אַלץ פאַרגעבן,
כאָטש טיף געבראַנדיקט האָט דער שניט.
נאָר פלאַמיקער פון פּעך און שוועבל
געוועז ז'איר ליבשאַפט צו דעם בריט.
געוועז איז ער אַ ווילדער רשע,
וויריל, באַהערשעריש און קאַלט:
דאָס האָט דער בריט איר האַרץ פאַרלאָשן,
פאַר'סמ'ט מיט רשעות און מיט גאַל.

— „איצט — יעדע נאַכט ביי איר צוקאָפּנס
איך שטיי און וואַך דאָ, ווי אַ שקלאַף,
און היט — אַ טויטער אַפּוטרופּוס —
איר ליכטיקע אַלמנה'שאַפט.
פיר יאָר איז זי געטריי געבליבן
מיט יונגען, גאַרנדיקן לייב:
דעם חוב פון נישט דערשעפּטער ליבע,
דעם נדר אייביקן פון ווייב.

— „ביז דו ביסט פּלוצים אָנגעקומען,
אַ מידער אורח פון דער פרעמד —
און אויפגעשטורעמט זינד און טומאָה,
און זי גענומען אומפאַרשעמט.
און זי געבראָכן האָט דעם נדר
פון ליכטיקער אַלמנה'שאַפט.
איצט רוסטו דאָ, ביי איר אין חדר,
באַזויפט פון ליבע, ווי אַ שקלאַף.

— „איך וואָרן קעגן איר דיך, אורח:
איר האָרץ צום טיוול איז פאַר'קנס'ט.
עס וואָרט אויף דיר דערזעלבער גורל,
אויך דיך פאַר'סמ'ען וועט איר האַס.
אַנטלויף פונדאַנען, אומבאַקאַנטער,
כל־זמן, כל־זמן ס'איז נאָך נישט שפּעט!" —
אלישע ליגט אין נישט־געאַנטע
האַלב־וואָך, האַלב־דרימל אויפן בעט.
ער קוקט אין לופּוס' טויטע אויגן,
אויף שניט פון שטיינערדיקן מויל.
זיין האַרץ — אַ פלאַטערדיקער פויגל,
געטראָפן פון אַ יעגער'ס קויל:

וואָס טוט ער דאָ, אין רחל'ס טורעם,
פאַרטריבן פון זיין אייגן לאַנד?
די קנייטלעך צאַנקען, ווי אין שטורעם,
און וואַרפן שאָטנס אויף דער וואַנט.
דורך וויפל צער און וויפל פריידן
האָט גורל אים אַהער געבראַכט:
צו אָט־דעם טערפּקע־זיסן שווידער
פון אָט־דער אויסטערלישער נאַכט?
דאָס שוואַרצע הינטל לעבן בעטל
ליגט איינגעניורעט, ווי אַ טויב.
צעצווייגטע פינגער פון די בלעטער,
ווי גייסטער, קלאַפּן שטיל אין שויב.

אלישע קוקט מיט בליק פאַרבליפטן
און ס'קרימט זיך וויטיקדיק זיין ליפּ:
— „פאַרגיב מיר, אומבאַקאַנטער נפטר,
איך האָב זי פ אַ ר דיר נאָך געליבט!
זאָל זיין, אַז רחל'ס ליבשאַפט לויערט
אויף מיר מיט טראָמפּלדיקן טראָט,
זאָל זיין, ס'האָט מיר באַשערט דער גורל
דורך איר פאַרלירן לעצטן גאָט.
כ'נעם־אָן דעם גזר. אין אָט־דעם היכל
כ'בין גרייט צום ליכטיקן פאַרלענד:
מיין לעצטן אָטעם אויסצוהויכן
אויף אירע שלאַנקע, צאַרטע הענט." —

אין אויער קלינגט אַ זיסע תפילה,
אַן עכאָ־רוף פון גליל־לאַנד.
און רחל קומט אַריין, אַ שטילע,
מיט פרישע בלומען אין דער האַנט.

## 5. אַ הימן דעם לייב

לייב, וואָס איז אייביק,
לייב, וואָס איז שטויב,
הייליק און גלייביק
כ'זינג דיר אַ לויב:
אור-מוטער חוה,
ערשט-ערשטע זינד,
פלאַם פון אהבה,
בענקשאַפט פון מין.
לייב, וואָס איז נצח,
אייביק — ווי ערד:
פינצטערן רצח
תאווה געבערט.
ספירה תפארת —
שיינקייט פון ווייב:
געטלעכע זרע,
גאַרנדיק לייב.

טויש עץ-החיים
אויף עץ-הדעת:
קומען וועט קין,
ערשטלינג פון האַס.
טיפה-סרוחה,
קרוין פון באַשאַף:
הייליקע לוחות,
היתר פון לאַו.
לייב, וואָס איז דאָרן,
שפריץ פון בעל-זבוב,
שטראָף פון גאָט'ס צאָרן,
זינדיקער גוף.
אישה מיינט אש-יה.
פייער פון גאָט:
מלאך און קדשה
כתר און הוד.

## 6. אין ביבליאָטעק

ס'איז שפּעטער האַרבסט. ווי די פאַנטערעס,
די טעג אין גאָלד-און-ברוין געפלעקט.
און איבער אויסטערלישע לערעס
אלישע זיצט אין ביבליאָטעק.
עס בלענדט די ליכטיקע מחשבה
פון פיטאַגאָר: ווי אַ באַלון,
די ערד און הימלישע מרכבה
זיי דרייען זיך אַרום דער זון.

זאל זיין, ס'האט קלוגער פיטאגאראס
געלייזט די סודות פון אין-סוף?
צי זיינען דאס בלויז שיינע סברות
פון א געוואגטן פילאזאף?
נאר תלמי — דער אלעקסאנדריער 1)
נישט מסכים איז מיט פיטאגאר:
מזלות דרייען זיך און פליען,
די ערד — זי שטייט אויף זעלבן ארט.
און ער, אלישע? ער איז מסכים
מיט פיטאגאר'ס זון-וועלט-סיסטעם.
נאר ס'שלאגט זיך רעיון אין א פאסטקע,
און ס'טרעפעט זיך דאס הארץ אין קלעם.
ער מישט די פארמעטן מיט די פינגער,
וואס שמעקן נאך מיט רחל'ס האר.
ער לייענט עווקליד'ן, נאר עס קלינגען
די ווערטער אירע — היים און קלאר:
— 'פארבליבן בלויז צען טעג, אלישע...
'עס רופט מיך אדריאן קיין רוים...' —
ווי קלאפער-שלענג, די ווערטער צישען
און בראנדיקן זיין יוגנט-טרוים.
א וואך אוועק אין ליבע-וואגען
פארבליבן זיינען בלויז דריי טעג...
ער הויבט זיך אויף — און לאזט זיך שפאנען
מיט גיכע טריט פון ביבליאטעק.
א נאכט אן לבנה.
אלישע איז וואך.
— „אוי, תנו — רבנן!" —
קלינגט-אפ אין דער נאכט.
עס הערן די גראזן,
די פייגל און פיש,
ווי ס'לערנט דער נזיר
די תורה פון „אי"ש".
מיט בליץ-טעארעמעס
פון גרויסן עווקליד
פון גאלדענעם אמת
די ליכט-קייט ער שמידט:
— „דער אלף מיינט אהיה,
דער געטלעכער שם.
אויף זעלבער מטבע:
אל-חי, סמך-מם.

---

1) תלמי — פטאלאמיי, דער אלעקסאנדריער — גריכישער אסטראנאם.

— „די מם מיינט מטרונה,
דאָס מלכות פון רוים,
יופיטער בויט טראָנען,
האַלט בליצן אין צוים.
די תיו מיינט תפארת,
די שיינקייט פון גוף —
פון געטלעכער זרע
אַפּאָלאָ שטראַלט־אויף.
די אותיות — פלאַמען
אין ליכטיקן ראָד—
און אַלע צוזאַמען —
איין אמת — אחד.
אַ געטלעכער וואונדער,
אַן ערדיש געשטאַלט,
נאָר יעדער באַזונדער
אין שטויב זיך צעפאַלט.״ —

## 7. דער טויט פון רחל׳ס מוטער

אַ שפּעטע זון אין ראָם פון שפּיגל
געקרייציקט הענגט אויף ראָזע ווענט.
דורך פענצטער־בלוי אַ רויטער היגל
מיט קאָפּ פּאַרשנייטן העלט און בלענדט.
אין רחל׳ס אויגן — הייסע, גרינע —
אלישע׳ס שפּיגלט זיך גזר־דין.
זיי שווייגן. ווי נאָכמיטאָג־בינען,
די שטילקייט זשומעט — היים און דין.
די רויכלעך שוועבן־אום, ווי מאָטן,
אין שפּיל פון שאָטן און פון ליכט —
און ס׳רוט אַ גאָלדיק־בלויער שאָטן
אויף איר פאַרטרויערטן געזיכט.

און מיטאַמאָל — אויף לאַנגע וויעס
בליצט־אויף אַ טרער אין שטילן וואָן:
— „איך האָב אַ פינצטערע ידיעה
באַקומען היינט פון גליל־לאַנד.״ —
ער זיצט און שווייגט. דער קאָפּ אין פלאַמען.
דאָס הארץ — אין שייטערדיקן גלי.
— „געשטאָרבן... פּלוצים איז מיין מאַמע...
אין מגדל... שבת אינדערפרי...
ז׳יז יונג געבליבן אַן אַלמנה...
אזוי ווי איך... אַזוי ווי איך...״ —
אויף איר צעוויינטיקט־בלייכן פּנים
די זון לעשט־אוים איר לעצטע ליכט.

און מיטאמאל: — „געדענקסט ביי צרעת,
נישט ווייט פון איר מנוח׳ם צעלט,
האָט שמשונ׳ס מאַמע, די עקרה,
גאָט׳ס מאַן געטראָפן אויפן פעלד.
איז זי פאַרגאַן פון אים אין טראַגן,
אַ זון געבוירן פון גאָטס׳ס מאַן,
וואָס האָט אַ לייב צום טויט דערשלאָגן,
צעריסן אים מיט הוילער האַנט.
מיין שיינער מאַמע׳ן, דער בת־כוהן,
געטראָפן האָט דאָס זעלבע בייז:
געווען איר לעבן פול מיט טרויער,
אָן ליבע, וואַרעמקייט און טרייסט.

— „געווען מיין טאַטע, יואל־פישער
צו־אַלט פאַר איר — דער יונגער בלום,
איר צוגעטיילט בלויז דאַרע קרישן,
דערצו געהאַט האָט ער אַ מום.
האָט זי, מיין יונגע, צאַרטע מאַמע,
דורך לאַנגע, פיבערדיקע נעכט
געברענט אין ווילדע תאווה־פלאַמען,
מיט לוסט און צניעות אין געפעכט...

— „ביים ברעג פון ים, אין צייט פון רעגנס,
האָט זי פאַרבלאָנדזשעט שפּעט ביינאַכט —
אין פעלד האָט זי אַ מאַן באַגעגנט —
און גאָט געבענטשט האָט דאָן איר טראַכט.
באַפרוכפּערט האָט זיין הייסע זרע
מיין מאַמע׳ס גאַרנדיקע דיך.
געווען איז ער אַ יונגער לערער,
אַ האַלבער־רוימער, האַלבער־גריך.
ז׳האָט אָנגענומען זיסן גורל
מיט פריידיק־בענטשענדיקער האַנט —
און שפּעטער האָט זי מיך געבוירן
פון יענעם נישט־געאַנטן מאַן...״ —

ס׳דערמאָנט אלישע זיך דעם נדר,
זיין לערער׳ס אויסטערלישן סוד...
די זון רינט־אָפּ אויף דער עקדה,
ווי בלוט פון מערדער פון שאַפאָט.
די נאַכט — אַ הונגעריקער טיגער —
גיט פלינק אַ שפּרונג אויף רונדן טיש.
און גיריק־שטום שלינגט־איין דער שפּיגל
זייביידן — און די פינצטערניש.

## 8. אַ געשפּרעך מיט אַ הינטל

דער קאַקטוס בליט אויף מדבר-ראַנדן —
אַ גוף, צעקרעציקט און צעפּאַקט.
אויף ווייסער, שטיינערנער וועראַנדע
אין פלאַמען לעשט זיך קנויט פון טאָג.
ביים גאָרטן-פּלויט שאַקאַלן וואָיען.
פאַרזשאַווערט גליען בוש און בוים.
ווי הענט פון דוכנדיקן כוהן,
דער קאַקטוס פינגער שפּרייט צום רוים.

אַ קאַלטע זון פון אָנהויב ווינטער
ליגט אויסגעצויגן אויפן שוועל.
אויף רויטן טעפּיך שויבערט ס׳הינטל
זיין שוואַרצע, קוטשעראַווע פעל.
אין טרויער איינגעהילט, אַ שטומער,
אלישע זיצט אין הינערפלעט.
אין צווייטן צימער — לאַנג פאַרנומען
איז רחל מיט איר טואַלעט.

איין אויג ביים הינטל דרעמלט, דרעמלט
אין חלום נאָך דער בלאָנדער צויג,
נאָר ס׳קוקט אויף אים אין גאָלדן רעמל
דאָס צווייטע, קלוגע, גרינע אויג.
דורך בלויען דורכזיכט פון גאַרדינען —
אַ בליאַסק פון ווייס-פאַרשנייטע בערג.
ער האַלט נישט אוים דעם קוק דעם גרינעם —
און ס׳קלינגט זיין קול אָפּ מיט אַ טרער:

— „עס וועלן אייך פאַרטראָגן ווינטן
אויף מיילן ווייט פון אָט-דעם הויז.
זיי גוט צו איר, געטרייער הינטל,
און היט זי אָפּ פון אַלדאָס בייז.
ווען שטיקן וועט איר האַרץ די בענקשאַפט
פון ליבע׳ס בלייאיק-שווערער טלוי,
דו ברענג איר טרייסט אין פּיין און ענגשאַפט,
מיט קוש צעוויי איר ליבע-ווײ.
ווען זי דיין שוואַרצע פעל וועט גלעטן
אין בענקעניש נאָך מיין באַריר.
איר פּנים מיט דיין לאַפּקע, כ׳בעט דיך,
דו טו אַ גלעטל אויך פאַר מיר.״ —

און פּלוצים גיט אַ שפּרונג דאָס הינטל
און טוט אַ שויבער-אויף די פעל:
אין קלייד פון בלויע היאַצינטן,
אַ שלאַנקע, רחל שטייט ביים שוועל.

## ג. שיידונג

### 1. פאַרנאַכט אין טורעם

דער בלויער טורעם ליגט אין דרימל,
געהילט אין יום־טוב׳דיקער טראַכט —
און איבער אים — אין גרינעם הימל
גייט־אויף אַ שטילער ערב־נאַכט.
די פענצטער אויפגעפּראַלטע שטשירען,
ווי קעץ מיט גרינצנדיקע ציין.
זיי שטייען אונטער רויטן שירעם
ביים גרינעם וואַסער פון באַסיין.
די שקיעה — רויטער מדבר־פויגל —
שפּרייט־אויס די פליגלען צום פאַרצוק.
די שקיעה שטאַרבט אין רחל׳ס אויגן,
איר פּנים רויטלט זיך און צוקט.
דאָס מויל פון צייט וועט אַלץ צעפרעסן:
די ליבע, אייפערזוכט און פליכט.
נאָר ס׳וועט אלישע נישט פאַרגעסן
דעם רויטן צוק אויף איר געזיכט.

די שקיעה זויגט די עווקאַליפּטן,
דעם פעפער־בוים און אָראַנזש־קוסט,
ווי ס׳זויגט די ליפּ פון איר געליבטן
אַ זשעדנע פרוי אין לעצטער לוסט.
עס שטיקט דער נעפלדיקער אָוונט.
אין גאָרטן זיצן זיי פאַרשטאַרט.
אין הארצן האַווקען, ווי די כלבים,
דער אומעט, בענקעניש און צער.

די לעצטע נאַכט. אויף מאָרגן — שיידונג,
זי קומט — אַ גרויזאַמער גזר־דין:
אלישע זיצט אין פּיין און שווידער,
אין רחל׳ס אויגן — וואַנזין־גרין.
די ווערטער פאַלן שווער, ווי בלייען,
פון איר צעווייטיקט־קרומען מויל:
— „צו מיר געהערסטו, ווי צום פייער
געהערט די ברענענדיקע קויל.״ —
עס קייקלט זיך אַראָפּ אַ הייסע,
אַ טרער — אַ פּערל — צו איר ליפּ:
— „וואָס איז מיר רוים... דער אַלטער קיסר...
ווען דיך... דעם איינציקן... כ׳האָב ליב?...

— „איך האָב געבענקט דורך אַלע יאָרן
נאָך ליכטיקן, נאָך דיין באַריר...
און איצט... איך וויל קיין רוים נישט פאַרן...
איך וויל דאָ הייראַטן מיט דיר...
איך וויל נישט זיין מער קיין מעטרעסע...
עס עקלט מיך פון קיסר׳ס לוסט...
ר׳איז אַלט און קראַנק... ס׳איז מיר דערעסן
די לוסט, וואָס ברענגט נישט קיין גענוס.״ —

* * *

אלישע הערט זיך צו אין שטוינען
און לייגט אַוועק דעם צעדערשטאָק.
ער קושט די ווייכע האָר, די ברוינע,
דעם ווייסן, קרייזלדיקן לאָק:
— „דיין וואָרט, ווי גוטער אייל איז, רחל,
ווי זיסער וויין, איז דיין געבעט,
נאָר כ׳בין נישט פריי פון שווערע יאָכן:
איך האָב מיין ווייב נאָך נישט גע׳גט.
געדענק, איך בין דאָרט אונטער חרם,
מיין נאָמען איז צו שפּאָט און שאַנד:
עס שטיצן זי מיינע חברים
אין אונדזער אומגליקלעכן לאַנד.
איך האָב צעקריגט זיך מיט יהוה׳ן,
ווייל ער אַליין וויל זיין אחד,
נאָר ס׳זוכט אין פּרדס מיין מחשבה
די דריי-געשטאַלטיקייט פון גאָט.״ —
עס בליצן רחל׳ס אויגן גרינע.
אַ שמייכל קרימט דאָס זיסע מויל:
— „און וואו ועסטו דיין גאָט געפינען —
אויף דר׳ערד, אין הימל, צי אין שאול?״ —

— „איך זוך מיין גאָט אין פּרדס-היכל,
אין בהיר-שטראַלן פון אין-סוף:
דעם גאָט פון שיינקייט, ליכט און שכל,
דעם מזג-רע און מזג-טוב.
איך וויל באַהעפטן הוד, תפארת
מיט גבורה, מלכות און יסוד —
דורך אייגענע און פרעמדע לערעס
דערגיין צום העכסטן כתר-סוד.
איך זוך דעם קלאָרן, וואָרן אמת
אין בליץ פון ליכטיקן עווקליד —
דורך פשט און דרוש און סוד און רמז
פאַראייניקן דעם הייד און איד.״ —

ווי שלאַנגען-סם, אויף ליפּן צישעט
די בלינדע אייפערזוכט פון ווייב:
— „צוואָוואָס גאָט'ס פּרדס דיר, אלישע,
ווען האָסט דעם פּרדס פון מיין לייב?" —

אלישע הערט אין שטוין געפלעפטן:
— „דיין לייב איז דריטע ספירה הוד —
איך זוך דיין לייב מיט גאָט באַהעפטן
אין דריי-געשטאַלטיקייט אחד." —
זי הערט די ווערטער פון הערעטיק.
איר בליק — אַ פינצטערער דעליר:
— „ווילסט רק באַהעפטן מיך מיט געטער,
איך וויל באַהעפטן זיך מיט דיר." —

עס צינדן זיך צוויי גרינע שטערן
אין רחל'ס פיבערדיקן בליק:
— „געדענקסט דעם טאָג ביים ים-כנרת
מיט איבער צוואַנציק יאָר צוריק.
כ'האָב דעמאָלט — אַ פאַר'סמ'טע חית,
ביי דיר געבעטן, ווי אַ שקלאַף:
'דו ביזט מיין חתן, זיי מקים
'דעם הייליקן תקיעת-כף!
און דו: —'כ'וועל אפשר זיין אַ תנאָ
'און קלינגען וועט מיין שם אין לאַנד —
'און ס'וועט דיך, רחל, זיין מקנא
'די גאַנצע וועלט מיט מיר, דיין מאַן.' —

— „כ'האָב אלע צוואַנציק יאָר געזאַמלט
אין זיך די שנאָה — טריי און היים..." —
און ס'פאַלן ווערטער, בייז און סמ'יק,
און שווער און שטייניק, ווי אַ פויסט:
— „איצט האָסטו זיך מיט גאָט יהוה'ן
צעקריגט, ווייל ער וויל זיין אחד —
און זוכסט אין פּרדס מיט מחשבה
די דריי-געשטאַלטיקייט פון גאָט.
דו ווערסט מיט אים זיך איבערבעטן,
אים ווידער דינען, ווי אַ שקלאַף...
נאָר אינ'ם שפּיל פון גאָט און געטער
האָסטו פאַרשוועכט דעם תקיעת-כף.
דו שטויסט מיך ווידער אָפּ, אלישע,
ווי דעמאָלט — ביי דעם מגדל-וועג —
און זוכסט אין פּרדס נייע קרישן,
און וואַרפסט אין שאול דיין גליק אַוועק.

— „צום צווייטן מאָל אין אונדזער לעבן,
ווי ס'רייסט דיך אָפּ פון מיר אַ גאָט...
וואָס קאָן ער מער פון מיר דיר געבן,
דער דריי - געשטאַלטיקער אחד ? —
ניין, נישט אומזיסט מע רופט דיך אחר,
דו ביזט פאַרשאָלטן אַנדערש זיין :
פאַר גאָט און מענטש אַ מומר להכעיס,
וואָס חלומט פרייד און לעבט אין פּיין.
דו ביזט פאַרשאָלטן, בן - אבויה :
דיין ליבע — אַ פאַר'סמ'טער קוואַל.
גיי, הענג זיך אויף אויף אַ רצועה
צוזאַמען מיט גאָט'ס דריי - געשטאַלט !" —

אַ לייב, פון יעגער'ס קויל געטראָפן,
אלישע טוט פאַר איר אַ פאַל :
— „אויך, רחל, דו שפּעטסט פון אין - סופ'ן,
אויך דו מיין הארץ פאַר'סמ'סט מיט גאַל ?
איז נישט גענוג, וואָס ס'רופט מיך אחר
מיין אייגן ווייב, מיין פאָלק און לאַנד,
מוזטו, אויך ד ו, פון מיר איצט לאַכן,
מיין נאָמען ווערגערן אין שאַנד ?

— „פאַרשטיי : מיין קריג מיט גאָט יהוה'ן
איז נישט קיין צופאַל, צי קאַפּריז :
כ'וויל קרוין פון יבנה, רוים און יון
אוועקלייגן ביי דיינע פיס.
כ'וועל וואַרטן צוויי - דריי יאָר דאָ, רחל,
ווי שווער נישט זיין זאָל נע - ונד.
איך מוז דערפילן אַ הבטחה :
כ'מוז אָנשרייבן דעם „אי'ש - טראַקטאַט".
דערנאָך — פון נדר אַ באַפרייטער,
כ'וועל קומען, ליכטיקע, צו דיר :
פאַרברענט ווערן אויף ליבע - שייטער
פון פלאַמיקן, פון דיין באַריר." —

— „דריי יאָר ? וואָס בין איך — אַ צדיקת ?
כ'בין מוחל דיר די דריי - גאָט קרוין.
אויב יאָ אַ קרוין — דו ברענג זי תיכף !" —
אלישע ענטפערט גרויזאַם : — „ניין !" —
איר קול — אַ הייזעריקע פליטע :
— „די שיף גייט מאָרגן אָפּ פון פּאָרט...
דו דאַרפסט נישט קומען מיך באַגלייטן..." —
און זי פאַרהאַקט זיך אויפן וואָרט.

זי הויבט זיך אויף. אַ ווייטער שטורעם
די פייגל אויף די צווייגן וועקט.
און זי פאַרשווינדט אין בלויען טורעם,
ווי דעמאָלט... אויפן מגדל-וועג.
אין שטוין געפּלעפטן שטייט אלישע.
זיין האַרץ — ווי אַ געביילטע פּויסט:
— „אָט איז זי אישה — סיטרא בישא 1)
די ערשטע זינד, דאָס לעצטע בייז!" —
ער לאָזט זיך גיין. דאָס האַרץ — ווי פליגל.
עס נעמט שאַריען שוין אויף טאָג.
אויף פייכטער ערד ז׳געבליבן ליגן,
פאַרשעמט, אלישע׳ס צעדערשטאָק.

## 2. אַנטקעגן הימלישן ווילקיר

אלישע שפּאַנט אַהיים אין טרויער.
נאָר ס׳האַרץ — אַ זינגעוודיקע פלוט:
ר׳האָט אויסגעהאַלטן דעם נסיון,
נישט נאָכגעגעבן רוף פון בלוט.
דער וועג אַהיים איז שווער און שטייניק,
נאָר שווערער נאָך דער פּרדס-שטעג:
דער קאַמף פון מאַן דאַרף זיין אַלייניק,
די פרוי שטייט שטענדיק אים אין וועג.
און פּלוצים האָט אַ ווייטער דונער
אַ קנאַל-געטאָן אין שוואַרצער הויך.
אַ בליץ דורך וואָלקנס — ווי טאַבונען,
האָט אויפגעריסן הימל׳ס בויך.
אלישע זעט: אויף דימענט-טראָנען
די דריי געשטאַלטן פון אחד —
און איבער זיי לויכט רחל׳ס פּנים
אין בהיר-שיין — תפארת-הוד.
ער הויבט די פויסט אויף, ווי אַ דאָרן,
אַנטקעגן הימלישן ווילקיר:
— „איך הער, איך הער דיך, גאָט פון צאָרן —
און כ׳שרעק זיך, שדי, נישט פאַר דיר!
דו האָסט באַוויזן זיך אין שטורעם
אויף סיני. קאַפּיטאַל, אַלימפּ.
כ׳וועל בוי׳ן אַ נייעם בבל-טורעם
צו דיינע היכל׳ען, אלהים.
פון געטער דריי די גרונט-געזעצן
דערביווען כ׳וועל פון טיפעניש —
און אָנטאָן וועל איך כתר-נצח
אויף מלכות׳דיקן קאָפּ פון „אי׳ש". —

---

1) סיטרא-בישא — בייזע קראַפט.

## ד. בענקשאַפט

### 1. אָונט בײַם ים־התיכון

דער מיטל־ים איז בייז און רוישיק.
אלישע זיצט אויף באַנק אַליין.
אין קילער, פערלדיקער בלוי־שיין
די כוואַליעס קריצן מיט די ציין.
עס שפּריצט דער ים מיט קאַלטע טרערן,
געזאַלצענע, ווי טראָפּנס לויג.
דער הימל שפּריצט מיט קאַלטע שטערן,
ווי בלויער, דימענטענער רויג.

אין גרינלעך־גליווערדיקן מולד,
ווי אַ צעשטראַלטער עמעראַלד,
שיינט רחל׳ס פּנים — בלייך און גרוויליק —
אין איר אַלמנה׳דיק געשטאַלט.
דער טעם פון בענקשאַפט אויף זיין גומען,
ווי גאַל מיט האָניק — ביטער־זיס.
די כוואַליעס צערענען און ברומען
און לעקן גיריק זיינע פיס.

ער קוקט מיט אויפגעפּראַלטע אויגן,
ווי אויפן ווייטן האָריזאָנט:
אַ זעגל־שיף — אַ ווייסער פויגל —
שווימט גראַציעז אַרוים פון פּאָנט. 1)
אַוועקגעשוואומען איז היינט רחל
קיין רוים אויף יענער ווייסער שיף:
ס׳איז זיס געווען אים דער נצחון,
איצט ביטער די חרטה טריפט.

זי האָט אַ וואָרף־געטאָן מיט בייזער
צו זיינע פיס די דריי־גאָט קרוין —
און ער האָט צאָרנדיק און גרויזאַם
פאַרשטויסן זי מיט לעצטן „ניין!״
דער מיטל־ים איז בייז און רוישיק
און קלאָגט אויף אַחר׳ס נע־ונד.
ער הויבט זיך אויף אין העלער בלוי־שיין:
עס וואַרט אויף אים דער „אי״ש־טראַקטאַט״.

---

1) פּאָנט — ים־אויסגוס.

## 2. ערב־נאַכט

דער טאָג פאַרגייט אין פלאַם פון שקיעה.
ביים בלויען פענצטער, ערב־נאַכט
אלישע שטייט. אויף זיינע ווייס
די זיסע מידקייט דרימלט וואַך.
ווער זאָגט, אַז טויטע חפצים שווייגן,
אַז ס׳איז דער דומם שטום און טויב?
ער הערט דאָס שעפּטשען פון די צווייגן,
דעם וויטן ים־לויש הינטער שויב.
אַ גרויסע, גאָלדענע לבנה
ליגט אַ צעשטראַלטע אויפן גלאָז
און שפּיגלט זיך אין די מתנות,
וואָס רחל האָט אים דאָ געלאָזט.
אויף גרינעם טיש שווימט־אום אַ שיפל
צום ברעג פון אויסגעטרוימטן לאַנד:
איר שאַכטל, גאָלד־און־בלוי געשליפן
פון צדונ׳ס מייסטערישער האַנט.
און ס׳הוידעט זיך אין חלום־וויגל
איר וויין־בעכער פון עלפנביין.
מיט רויטע, אויסטערלישע פליגל,
באַשפּריצט מיט גרינעם איידלשטיין.
און איבער זיי: אין זילבער־זויבער
פון ערב־נאַכטיק בלויען סאָד
ער זעט: אַ זון־פאַרגיי אויף שויבן
אין ווייסער, מלכות׳דיקער שטאָט.
אויף זילבער־צויטן שפּאַנט דער אוונט.
די שאָטנס הויערן, ווי שאָף.
און רחל׳ס דמות אין דער „מרכבה"
לויכט אויף די פליגלען פון אין־סוף.
אלישע שפּאַנט אַרום אַ מידער.
זיין האַרץ איז פול מיט זיסן צער.
ער שרייבט אין גריכיש ליבע־לידער
אין סטיל פון געטלעכן פּינדאַר.

## 3. זיין האַרץ אין מערב איז...

זיין האַרץ אין מערב איז פאַראַנקערט,
און ער אין מזרח ציט די טעג:
אין בענקשאַפט נאָך אַ פרוי אַ שלאַנקער,
מיט האָר, פון ערשטן שניי באַדעקט.
און נאַכט נאָך נאַכט, ווען ס׳נאָגט דער עלנט
ביים שפּעטן, זיסן חצות פון ליד,
זכרונות — ליכטיקע גאַזעלן —
צעשאָטנט שוועבן אויף סופּיט.

װען רחל איז אין טאָג פֿון שידונג
אין פֿאָרט אַרונטער מיט די פֿרײַנט,
האָט אים אַרויסגעיאָגט פֿון חדר
די פֿינצטערע חרטה־פּײַן.
ער איז צװײ שעה דאָן אָפּגעשטאַנען
אין קעגנאיבערדיקן הויף,
געזען, װי פֿרײַנט מיט רחל׳ען שפּאַנען
און פֿירן זי אויף שיף אַרויף.
און צװישן זײ — אין בלויען מאַנטל
מיט ברייטן קאָלנער — װײַס, װי שניי:
אַ נישט־רעאַלע, נישט־געאַנטע,
אַ מלכּה — רחל — צװישן זײ.

זײַן קאָפּ — אין פֿיבערדיקן שטורעם,
אין שלײפֿן — פּײַן, װי האַמער־שלאָג.
און איבער אַלע אָקסלען טורעמט
איר ברוינער קאָפּ מיט גרויען לאָק.
די שקיעה גליט, װי הייסע פֿאָנען.
אין פֿלאַמען צינדט זיך גרויער ברעג.
עס רירט די שיף זיך — און איר פּנים
פֿאַרשװינדט — אַ שאָטן — אויפֿן דעק.

## 4. אין דערװאַרטונג

דער טאָג איז רעגנדיק און װינטיק,
די נאַכט איז טראָגעדיק מיט שניי.
נאָר פֿרילינג קלאַפּט אין שויב פֿון װינטער
מיט דינעם שװאַלבישן געשריי.
אלישע זיצט בײַם טיש אַ מידער.
װי סם — פֿון האַרצן אומעט טריפֿט.
אויף שפּיץ פֿון גריפֿעל שטאַרבן לידער —
ס׳איז נאָך נישטאָ פֿון איר קיין בריװ.
די בענקשאַפֿט פֿירט דאָס בלוט אין גליװער
דער טרויער װעקט אַ שנאה׳שאַפֿט.
דער טאָג, װאָס ר׳קריגט פֿון איר קיין בריװ נישט,
איז נישט קיין טייל פֿון גאָט׳ס באַשאַף.

ר׳האָט הײַנט אין שעה׳ן פֿון פֿאַרצװײפֿל
בײַם בלויען טורעם לאַנג שפּאַצירט:
ס׳האָט האָס אויף ליבע זיך גע׳כּפֿל׳ט,
װען ר׳האָט דערמאָנט זיך איר באַריר.
עס האָט אַ בליאַסק געטאָן אין שקיעה
דאָס גרין פֿון אויגן — האַרט, װי שטאָל —
און ס׳איז פֿאַר אים דאָ קיסריה
געבליבן לײדיק מיטאַמאָל.

ער האָט די גאַנצע נאַכט אין אומעט
געוואַרט מיט האָפנונג און פאַרדראָס.
אויף מאָרגן איז אים אָנגעקומען
אַ בריוו פון רוים מיט טויבן-פּאָסט.
די עצבות האָט נישט מער קיין שילטון.
די זעליקייט, ווי איילן, טריפט.
ער טרינקט מיט דאָרשט, מיט נישט-געשטילטן,
דעם זיסן וויין פון ערשטן בריוו.

5. רחל'ס ערשטער בריוו

— „דער מיטל-ים איז בייז און צערנט,
ווי אויף איר מאַן — אַ ווייב, אַ שלאַק.
די נאַכט פאַרשלונגען האָט די שטערן.
דער רוים — אַ שוואַרצער סאַרקאָפאַג 1)
ס'איז ווי אַ סטרונע, בלויער זעגל
שטייף אָנגעצויגן אויף דער מאַסט.
איך זיץ אויף דעק און ביים די נעגל
פון צער, חרטה און פון כעס.
די ווייסע פייגל פאָכן, פאָכן —
און מיר איז אומעטיק און טריב.
געדענקסט, אלישע, נאָך דיין רחל'ען,
צי האָסטו זי שוין מער נישט ליב?
וואָס מאַכן דיינע פילאָזאָפן?
זיי נישטערן נאָך אַלץ אין רוים?
און דו? דו זוכסט אין די אין-סוף'ן
נאָך אַלץ פאַרפילונג פון דיין טרוים?
— „און מיך האָסטו געלאָזט אַנטלויפן
קיין רוים צום קיסר אַדריאַן?
עס פּיקט ביי מיר אין מאַרך אַן אויפהער:
וואו איז געווען דיין ווידערשטאַנד?
וואָס ביסטו נישט אַוועק צום האַפן,
ווי לעגענדאַרישער אַכיל —
און פון די הענט פון טרייע שקלאַפן
מיט זיך אַוועקגעפירט אין ווילד?
כ'וואָלט אפשר דאַן געלאָזט זיך פאַנגען,
ווי ווענוס, ווייס-באַדעקט מיט שוים, —
וואָלט איצט מיין הארץ נישט אויסגעגאַנגען
נאָך דיר, מיין אויסגעבענקטער טרוים.
דער מיטל-ים איז בייז און צערנט.
דער אומעט פלאַקערט, ווי אַ שייט.
די נאַכט פאַרשלונגען האָט די שטערן —
און דו ביזט ווייט... און דו ביזט ווייט...״ —

---

1) סאַרקאָפאַג — אַ רוימישער מאַרמאָר־קבר.

## 6. חלום — וואָר

אלישע שרייבט: — „איך וועל דורך יאָרן
די ליבע טראָגן מיט געזאַנג,
ווי אונדזער שטאַם אַמאָל דעם אָרון
געטראָגן האָט צום לאַנד כנען.
דו ביזט פאַר מיר אַ בלויער חלום,
און איך פאַר דיר — רעאַלע וואָר:
איך בוי פון ליבע לופט־היכלים,
און דו אין ליבע זוכסט אַ פּאָרט.״ —
זי ענטפערט: — „טרוים פאַרגייט דער שענצטער
און פּלאַצט — אַ פאַרביקער באַלון.
נאָר דו האָסט אין מיין פינצטער פענצטער
אַ ליכט צעצונדן, ווי אַ זון.״ —
ער שרייבט: — „געפעלשט האָט שם־הויה,
בלויז איינס איז אייביק: כ׳האָב דיך ליב!
ווי שוואַרצער פלאַם — אויף ווייסן פּייער,
דיין ליבע שרפ׳עט אויף מיין ליפּ.״ —
זי ענטפערט: — „אונטער יאָכן שווערע
איך שלעפּ מיין לעבן, ווי אַ קייט:
דיין ליבע, ווי אַ שנירל פּערל,
כ׳וועל טראָגן פריידיק ביזן טויט.״ —
ער שרייבט איר: — „וואָכן און חדשים
די עלטער קאָשיעט פלינק, ווי היי:
דיין שיינער קאָפּ איז פאַרפּאָראָשעט
מיט האָר מיט גרויע, ווי מיט שניי.״ —
זי ענטפערט: — „כ׳טראָג נישט קיין פּאַראיבל,
כ׳נעם־אָן דעם גורל אָן אַ שלאַכט.
איך דאַנק, וואָס דו האָסט מיר דיין ליבע
אויף טאַץ אויף זילבערנער געבראַכט.״ —
ער ווייסט: די ליבע וועט פאַרצערן
זיין בלויען היכל און איר פּאָרט,
ביז ס׳וועט פון וואָר אַ חלום ווערן
און ס׳וועט פון חלום ווערן וואָר.

## 7. רחל׳ס צוויטער בריוו

ער האָט געשיקט איר זיינע לידער,
געהייליקטע אין ליבע־בונד:
אין זיי — אַ ווייטיקדיקע ווידוי,
אַ האַרץ, וואָס פיבערט, ווי אַ וואונד.
ער האָט געלייגט זיי אויף מזבח
מיט שטילער תפילה אויף זיין ליפּ:
אין יעדן וואָרט — אַ למנצח,
אַ זים געזאַנג: — „איך האָב דיך ליב!״ —

איר ענטפער, ווי אַ פולער לאָגל,
פאַר גומען, דאָרשטיק פון סאַמום:
— „ווי לוחות הייליקע, כ'וועל טראָגן
די לידער דיינע, שטיל און פרום.
כ'וועל מאַכן איבער זיי אַ ברכה
און טרינקען זיי, ווי קידוש-ווייַן.
מיין הארץ איז פול מיט דאַנק און שבחים,
נאָר, ליבסטער, האָסט פאַרשאַפט מיר פּיין.
אומזיסט באַשולדיקסט מיך מיט אייפער
אין ליבשאַפט אייביקער צום ברית.
איך האָב געלייענט עס מיט פאַרצווייפל —
און ס'האָט באַליידיקט מיך דיין ליד.

— „נישטאָ פאַר דיין פאַרדאַכט קיין סיבה:
כ'האָב ליב נישט אים, נאָר דיך, בלויז ד י ך.
מיט טויטע פירט מען נישט קיין ליבע,
נאָך טויטע צינדט מען יאָרצייט-ליכט.
ס'איז רוי דער שניט פון מיין אבידה
און נישט פאַרוואַקסן איז די וואונד, —
האָב איך געזוכט פון פּיין און שווידער
פאַרגעסנקייט אין אונדזער בונד.
נאָר גרייט בין איך דיר אַלץ פאַרגיבן.
ביזט ווערט ביי מיר דעם גרעסטן שכר.
כ'בעט, נעם נישט צו פון מיר דיין ליבע,
איך וועל דערשטיקט ווערן פון צער.” —

## 8. וויסטער חלום

אלישע זעט אַ וויסטן חלום —
און ס'טוט דער חלום נאָכאַנאַנד
די גאַנצע נאַכט זיך ווידערהאַלן
אין ווילדן, אויסטערלישן וואָן.
ער זעט אַן אויסגעקאַלכטן חדר,
הערט רחל'ס שטום, פאַרדומפּן קול.
זי ליגט אין ווייסע, ווייסע קליידער,
איר פּנים — בראָכיק, ווי קרישטאָל.
אין אירע אויגן — גרויסע, רונדע,
די שרעק און אומרו פון גאַזעל —
און ס'לויכט אין זיי אַ גרינער וואונדער
פון אַ נישט-דאָאיק-וויטער וועלט.
זי רייסט אין שטיקער זיינע לידער.
אויף קרומע ליפּן — רויטער שניט:
— „עס פרעסט די קראַנקהייט מיינע גלידער —
און ס'קאָן נישט העלפן מיר דיין ליד.

— „איך פיל זיך שולדיק, כ׳פיל זיך זינדיק.
אַ דאַנק פאַר וואונדערלעכע טעג
פון אונדזער ליכטיקער פאַרבינדונג,
וואָס האָט געבראַכט מיר פרייד און שרעק.״ —
אינדרויסן שפּילט דער פריער פרילינג
מיט צויבער - פאַרבן גאָלד און גרין.
אין האַרצן — ציטערדיקע תפילה:
— „פאַרמייד דעם שרעקלעכן גזר - דין!״ —
אין פּיין אלישע בויגט זיך איבער
און קושט דאָס ווייטיקדיקע מויל.
אין אירע אויגן — פייכטע, טריבע
די ליבע מיניעט זיך מיט גרויל.
ער כאַפּט זיך אויף: איר שאַרפער פּראָפיל
הענגט, ווי אַ קרייץ, אין פענצטער - רוים.
ר׳האָט מורא ווידער איינצושלאָפן —
ער זאָל נישט זען דעם וויסטן טרוים.

### 9. רחל׳ס דריטער בריוו

אין פרילינג - שויבן העל - צעשטראַלטע,
פרימאָרגן קלאַפּט מיט פינגער — צאַרט.
אלישע האָט אַ בריוו דערהאַלטן
פון רוים, פון רחל׳ען — ווי אַ גזר.
די שורות אָטעמען מיט פיבער.
ער הערט, ווי ס׳פלאַטערט היים איר קול:
— „כ׳בין נישט מיט אַלעמען, מיין ליבער,
כ׳האָב דיך דערשרעקן נישט געוואָלט.
ס׳האָט לאַנג דער דאָקטאָר מיך געוואָרנט:
איך נויטיק זיך אין רו און זון.
זיי רואיק, טייערער... ס׳איז גאָרנישט...
אַ פיר - פינף טעג — כ׳וועל זיין געזונט.
— „איך האָב די בעסטע דאָ דאָקטוירים:
אַ קאָפּ געדולד... אַ טראָפּן מוט...
אַ קליינער שניט... איך האָב נישט מורא...
ס׳וועט אַלץ זיין גוט... ס׳וועט אַלץ זיין גוט!
ווען ס׳וועט מיין גוף אין גורל׳ס חסד
פאַרגעסן זיך, ווי אין דעליר,
וועל איך אין הייסן שניט פון מעסער
דערפילן צערטלעך דיין באַריר.
דיין ביוסט — צוקאָפּנס, גאָט — צופוסנס,
איך האָף, וועט נישט פאַרלאָזן מיך —
און ביזן לעצטן פונק באַוואוסטזיין
כ׳וועל זען דיין לויכטנדיק געזיכט.״ —

ער לייענט דעם בריוו — און ווייסט אליין נישט,
ווי ס'פליסט א תפילה, פול מיט גנאַד:
— „פאַרמייד, פאַרמייד, פאַרמייד דעם עונש,
אויב זי איז שולדיק, שטראָף מיך, גאָט!
אַ, גאָט, איז וועמען ווידערשפעניקט
איך האָב אין פריידן און אין צער, —
איך קני פאַר דיר היינט אונטערטעניק:
צעריים, צעריים, צעריים דעם גזר!" —

## 10. רחל'ס פערטער בריוו

אין הימל ציט אַ פייגל-סטאַיע.
די זון פון מיט-טאָג רעגנט גאָלד.
אלישע הערט אין זייער שרייען
זיין רחל'ס קראַנק-פאַרדומפּען קול:
— „נישטאָ קיין רו, ווען טויב פון ליבע
זיך ראַנגלט מיט דער שלאַנג פון פליכט.
(כ'פיל בעסער שוין. ס'איז אַלץ פאַריבער
פיל שנעלער, ווי כ'האָב זיך גערעכנט).
די ליבע, וואָס מע קאָן נישט גרייכן,
די פיין פון אַ צעשטערטער פרייד —
בלויז דאָס וועט בלייבן, ווי אַ זכר,
וואָס נישט באַזיגן וועט דער טויט.

— „און דו ביסט ווייט. ס'קאָן מיך נישט ברענגען
צו דיר קיין שיף, צי קאַראַוואַן.
עס האַלט מיך פעסט די פליכט, די שטרענגע,
מיט צאַרטער, רשעות'דיקער האַנט.
דער ליבע-ווי אויף האָס זיך כפל'ט
אין קלעם פון גאָלד-באַדעקטע ווענט.
אין האַרצן רופעט דער פאַרצווייפל:
איך וועל דיך קיינמאָל מער נישט זען.
עס וועט אַ יאָר און צוויי פאַרפליען:
דו וועסט פאַרגעסן מיין געביין.
וואָס איז די פיין פון אַלטן איוב
אַנטקעגן טרויער פון פאַרגיין?

— „אַזויפיל גליק, אַזויפיל פריידן
איז גרייט פאַר אונדז נאָך אויף דער ערד —
און מיר: צו טונקען גאַל פון שיידונג
אין פליכט צום קיסר איז באַשערט.
דאָס אַלץ, וואָס איז מיר דאָ געבליבן,
און שטילע טרער אויף ווייסער ציך.
נישטאָ קיין רו, ווען טויב פון ליבע
זיך ראַנגלט מיט דער שלאַנג פון פליכט." —

## ה. אַ וויכוח

### 1. אין אַ הייסן טאָג

די שטאָט פון געצנדינער דרימלט,
ווי ס'אויג פון שומר — אין פאַרשווער.
דער מיט-טאָג פלאַמט מיט דעמפּער חמימה.
פון היץ צעשפּאָלטן, פאַרייכט די ערד.
אלישע שפּאַנט אַרום אין חדר —
אַ לייב געפּענטעט אין זיין שטייג.
אויף טישל — נישט באַרירט די צדה:
אַ ברויט, צוויי טייטלען און אַ פייג.
ער שרייבט שוין לאַנג נישט מער צו רחל'ען.
ער דרייט אַרום זיך, ווי צעמישט.
ער מוז דערפילן די הבטחה:
פאַרענדיקן די „תורת-אי"ש".
צעבראָכן ליגן אויף די טישן
די פעדערס, אויסגעשניצט פון יאַמש.
אַ נייע פעדער שניצט אלישע
און קוקט פאַרכישופט אויפן ים.

די שיפן דרימלען אונטער זעגלען,
ווי מאָנסטערס, אויסגעשמידט פון שטאָל.
און אונטער מיט-טאָג זון זיך פרעגלען
די שמאָלע גאַסן, טיף אין טאָל.
אלישע וואַרפט אַוועק די פעדער,
טוט-אָן אַ טוניק — לייכט און דין,
און לאָזט זיך שפּאַנען צו די בעדער
אויף גאַס פון בלויען היאַצינט.

דאָס גרינע וואַסער פלייצט און שפּרודלט,
ווי געטער-ברכה, אין באַסיין.
עס קילן זיילן און עמודים
פון עלפנביין און מירמלשטיין.
אלישע שפּאַנט אַהיים. די חמימה
האָט נאָכגעלאָזט. די זון פאַרגייט
אויף טעמפּל-שפּיץ — אַן עולה-תמימה.
זיין האַרץ איז פול מיט גנאָד און פרייד.

### 2. אַ באַגעגעניש

אלישע שפּאַנט. ווי אורחים, ציען
די קילע ווינטעלעך פון ים.
אויף גרינע כוואַליעס שטאַרבט די שקיעה —
אַ פאַס אַ גאָלדענער אין פלאַם.

ער איז שוין לאַנג פאַרביי זיין וואוינונג,
דעם בלויען טורעם און דעם צירק.
עס טראָגן ליכטיקע רעיונות
אים באַרג־אַראָפּ, ווי אין דעליר.
און פּלוצים בלייבט ער שטיין אַ רגע
און קוקט אַרום זיך, פול מיט שטוין.
ער זעט: אַ נישט־באַקאַנטע געגנט
און שטיבלעך — הויקערדיק, געמיין.

אויף רעכטס — אַ בנין. שמאָלע שטיגן
און פענצטער נידריק — ביי דער ערד.
און ס'ציט פון זיי אַ טרויער־ניגון,
וואָס ער האָט לאַנג שוין נישט געהערט.
אלישע קוקט, ווי אַ צעמישטער:
דאָס איז זי דאָך — די אידן־גאַס.
עס שלענגלט זיך פון אַלטער כנישתא
פון גאָלדן ליכט אַ שמאָלער פּאַס.
ער שטייט אין ווילדן שטוין, אַ בלייכער,
און הערט דעם ניגון, ווי אַ שטראָף:
אין כנישתא זאָגן אידן „איכה" —
ער כאַפּט זיך: היינט איז תשעה־באָב.
און ס'טוט אַ פלייץ אויף אים מיט טרויער:
זיין יוגנט... מגדל... יבנה... לוד...
ער וויל אַוועק. נאָר ביי אַ טויער
ר'בלייבט שטיין — און רוקט אַראָפּ די הוט.

* * *

עס עפנט זיך די טיר. אין ליקל
אַ ליכט־פּאַס פלייצט פון וואַנט צו וואַנט.
עס שפּאַנען צוויי — אַ מאַן, אַ דיקער,
און לעבן אים — אַ הויכער מאַן.
אלישע קוקט, אין שטוין פאַרגליווערט:
איז דאָס אַ חלום? אַ דעליר?
עס שפּאַנט פון כנישתא ר' עקיבא,
אין טראַכט אין גריכישער געצירט.
ער רעדט צום דיקן מאַן אַראַמיש,
און יענער הערט, ווי אַ געבאָט:
— „מע מוז זיך האַלטן דאָ צוזאַמען
אפילו מיט די „מינים" 1), גד!" —

---

1) „מינים" — ערשטע אידישע קריסטן.

אלישע שפּאַנט אַרויס פון טויער
און גייט זיי נאָך — אַ סאַמנאַמבול.
עקיבאַ׳ס קול איז הוילער טרויער,
נאָר ס׳קלינגט מיושב׳דיק און פול:
— „דער קיסר וויל ירושלים
פאַרוואַנדלען אין אַ געצן-שטאָט, —
איז שאַרפט אין לאַנד שוין די כלי-זין
דער „מין״, דער פּרושי און זעלאָט.
דאָס גאַנצע לאַנד — לארכה וברחבה —
צום אויפשטאַנד גרייט איז קינד-און-קייט.
ס׳האָט גאָט-ברוך-הוא געשיקט בר-כוכבאַ׳ן,
דורך אים די גאולה-שלימה גרייט.
עס דאַרפן אידן אין די תפוצות,
דאָ-הי, אין רוים, אין אַנטיאָך,
אַרויסהעלפן אונדז זיין מרוצה
באַפרייען זיך פון קיסר׳ס יאָך.״ —

* * *

אלישע פאָלגט זיי נאָך, פאַרכישופט
פון ר׳ עקיבאַ׳ס הייסן וואָרט.
עס גרייט צום אויפשטאַנד זיך דער ישוב,
עס שמעקט מיט חורבן — עס איז קלאָר!
ער וויל פאַרביישלייכן. דער דיקער
קוקט-איין אין אים זיך שאַרף און שווער.
ער נעמט אים דורך מיט בייזע בליקן —
און ציט פון שייד אַרויס די שווערד:
— „וואָס טוט דאָ אַחר צווישן אידן?
נישט אַנדערש, ער איז אַ שפּיאָן!״ —
אלישע ז׳גרייט צו זאָגן ווידוי.
עס וואַרפט אין מויל אים צאָן אויף צאָן.

ער שטייט פאַרשטיינערט, ווי אין חלום.
עקיבאַ שטויסט-אָפּ דיקן מאַן:
— „אלישע... חבר... נאַ-דיר שלום!״ —
און שטרעקט אים אויס אַ ווייכע האַנט.
דער דיקער צישעט בייז: — „פאַררעטער,
פאַרשאָלטענער פון מאַמע׳ס בויך!״ —
אלישע ציטערט, ווי אַ בלעטל.
עקיבאַ׳ס ווערטער — פרייַנטלעך-ווייך:
— „קום מאָרגן פרי אין כנישתאַ-חצר.
איך ווייס, דו ביזט נישט קיין שפּיאָן!״ —
אלישע׳ס אויגן גלאָצן, גלאָצן,
דאָס פּנים פלאַקערט, ווי אַ שפּאָן.

## 3. צווײ לײַבן

פֿאַרטאָג צו׳ר כּנישתּאָ שפּאַנט אלישע
אין לאַנגן סדין, ווי אַמאָל,
אין ברייטן חצר — לאַנגע טישן,
די פֿענצטער בליאַסקען, ווי קרישטאָל.
ער שטייט אײַנמיטן הויף פֿאַרגליווערט.
עס עפּנט פּלוצים זיך אַ טיר.
מיט זיסן קול אים רופֿט עקיבאָ:
— „מײַן חבר, קום אַרײַן צו מיר!״ —

עקיבאָ לאָזט פֿאַרבײַ אלישע׳ן
און פֿירט אין חדר אים אַרײַן:
אַ שראַנק, אַ שטול, אַ באַנק, אַ טישל,
אויף ספֿרים שפּילט פֿרימאָרגן-שײַן.
עס שטייט אלישע — אַ גלוח
און קוקט אויף חבר׳ס סיווער באָרד,
ווי וועט ער פֿירן דעם וויכּוח.
ווען ס׳שטעקט אין גאָרגל אים דאָס וואָרט?
עקיבאָ ווײַזט אויף שטול אלישע׳ן
און זעצט אַוועק זיך אויף דער באַנק.
עס פֿאָלגט דער גאַסט אים, ווי פֿאַר׳כּשופֿ׳ט.
אין ברוינע אויגן — טריבער צאַנק.

עקיבאָ כּמורעט - אָן די ברעמען
מיט רעכטן אויג זײַן חבר מעסט:
— „נישטאָ פֿאַר מיר זיך וואָס צו שעמען,
זאָג, ווי געפֿעלט דיר פֿרעמדע קעסט?״ —
עקיבאָ׳ס ווערטער, ווי רצועות,
אלישע׳ן שמײַסן אין געזיכט:
— „האָסט אַלץ פֿאַרגעסן, בן-אבויה,
צום פֿאָלק, צום לאַנד, צום ווײַב די פֿליכט.
איך האָב געהערט, ביזט זיך מתעסק
אין די לימודים פֿון עווקליד,
דו רייטסט אַפֿילו אויף פּעגאַס׳ן,
מאַכסט נאָך פּינדאַר׳ן אין דײַן ליד.
באַזינגסט אין שיר אַ קורטיזאַנע,
אין נעץ געפֿאַנגען פֿון עראַט.
אלישע... דו?... אַ גרויסער תּנאָ,
מײַן חבר אין דעם פּרדס-סוד!״ —

ער שפּאַנט אין חדר אום געבויגן.
דער הויכער שטערן — פֿאַלד אויף פֿאַלד.
אין גרויסע, קלוגע, שוואַרצע אויגן
די שכינה-שײַן, ווי חשמל, שטראַלט:

— „האָסט נעכטן צוגעהערט דעם שמועס
צעווישן מיר און זילבערשמיד.
איך רעד צו דיר דאָ, בן-אַבויה,
ווי ריידן דאַרף איצט איד צו איד.
ס'איז אונדזער פאָלק אין גרויס סכנה.
עס שטייט אין קאָן אונדזער געביין.
עס האָבן זיך פאַרמאָסטן שונאים
להשמיד, להרוג — גרויס און קליין.
עס זוכט צו בויען אַדריאַנוס,
פון גאָט געשלאָגענער מיט קרעץ,
מיט הילף פון „סיוויקאַ-אַנאַנאַ" 1).
אין עיר-הקדושה זייער געץ.
האָט גאָט געשיקט אונדז זיין משיח:
באַפרייען אונדז פון שונא'ס עול.
כ'בין דאָ בר-כוכבאָ'ס בלויז שליח,
וואָס זוכט צום קאַמף צו וועקן ס'פאָלק.
און דו? דו זיצסט אין קיסריה
און זוכסט אַ לייזונג ביי עווקליד...
ווען ס'הענגען איבער העלדזער תליות,
דאַרף איד זיך צוטוליען צו איד!" —

אלישע שווייגט. דאָס האַרץ אין גליוווער.
און פלוצים טוט ער זיך אַ וויג:
— „נישטאָ קיין וועג צוריק, עקיבאָ,
איך האָב צעשטערט די לעצטע בריק.
איך וויים, ווען ס'האָבן מיך חברים
בשם אל-צבאות — אלהים
אַריינגעלייגט אין ווייסטן חרם,
האָסטו מיט זיי דאַן נישט געשטימט.
נאָר זיי? פאַריאָגט, ווי אַ מצורע,
זיי האָבן מיך — פאַר וועלכן חטא?
און אָנגערייצט אויף מיר מיין דבורה'ן,
זי זאָל נישט געבן מיר קיין גט.
איצט וויל מען רויבן מיין פאַרמעגן,
מיך אָפּפרעמדן פון איינציק קינד...
פאַרוואָס? כ'האָב בלויז געוואַגט צו פרעגן,
צי דאַרף אַ מאַמין גלויבן בלינד?

1) „אַנאַנאַ סיוויקאַ" — דער ספּעציעלער שטייער, וואָס דער רוי-
מישער קיסר אַדריאַן האָט אַרויפגעלייגט אויף אידן, כדי ער
זאָל קאָנען אויפבויען אויפן פּלאַץ פון חרוב'ן בית-המדרש אַ
טעמפּל צום אָפּגאָט יופּיטער. ירושלים האָט ער געזאָלט אַ נאָמען
געבן „עליאַ קאַפּיטאָלינאַ".

— „עקיבא, הער: ס'האָט ווער גענאַרט אונדז —
נישט דאָס, נישט דאָס ז'דער וועג צו גאָט!
נישט דאָס האָב איך געזוען אין פּרדס
דורך פּשט און רמז, דרוש און סוד.
דו רופסט מיך צ'ריק — צו שפּעט, בן־יוסף!
דו דענקסט, ס'איז ערגער נאָך פון שמד:
אַ יאָר שוין, ווי ביז שפּעטע חצות'ן
איך פליים זיך איבער „אי"ש־טראַקטאַט".
איך גלויב נישט: רוים אין אַלץ איז שולדיק,
און כגלויב נישט אין בר־כוכבאָ'ס זיג.
ס'דאַרף אַ באַזיגטער זיין געדולדיק,
איך וואָרן אייך אַנטקעגן קריג.
אומזיסט האָט איר די קרוין פון דוד
אַרויפגעטאָן אויף אַ סאָלדאַט:
אויב זיגן דאַרף דער גאָט יהוה,
זיין זיג אין גייסט איז, נישט אין טאַט.

— „אומזיסט איר שליידערט אייער שנאה
אויף קיסר אַדריאַן אין רוים.
די שונאים זיינען זיי — די „מינים",
אין זיי פון אונטערגאַנג די זוים.
כ'האָב אויך געגלויבט אין זייער גואל,
געהאָפט, אַז ישו איז גאָט'ס זון,
נאָר ס'האָט דער פוקס דער שלויער, שאול —
מיין האַרץ צעאייטערט, ווי אַ וואונד.
ער זוכט די אידישע אמונה
דער וועלט פאַרקויפן, ווי אַ גען, —
האָב איך פון זיין פאַר'סמ'טן ברונים
לאַנג אָפּגעקערט זיך, ווי פון קרעץ.
ס'איז שאול'ס לערע הוילע טומאָה,
פאַר פוסטע קעפּ — פאַרבלענדעניש, —
האָב איך מיט זעליקייט פאַרנומען
דעם נצח־רוף פון „תורת־אי"ש".

— „פאַרשטייז: ס'איז היום הרת עולם,
דער מענטש פאַרלירט דעם צלם־איש,
ער שפּאַנט אַרום — אַ שטומער גולם —
אין פּחד און אין פינצטערניש.
דעם געצנדינער זיינען נמאָס
די אַלטע געטער פון אָלימפּ,
ער זוכט אַ נייעם גאָט אין דמיון,
אַ גאָט — אַ וואָרן אלהים.

— „איז דאַרפֿן אידן גיין אין גלות
דער וועלט צו ברענגען זייער גאָט,
באַהעפטן שדי'ן מיט אַפּאָלאָ'ן,
מיט זיי יופּיטער — אין אחד.
אַנישט — די „מינים" וועלן קומען
מיט ווערטער — שאַרפֿער פֿון אַ שווערד,
פֿאַרפֿלייצן רוים מיט ישו'ס טומאה —
און אונדז פֿאַרטיליקן פֿון דר'ערד.
די „מינים" קריכן, ווי די ווערעם,
אויף פֿעטן גוף פֿון מלכות־רום.
דאָס זיינען זיי די הויפּט־פֿאַרשווערער,
אין זיי פֿון אונטערגאַנג די זוים.

— „דער מענטש אין קלעם איז פֿון געשפּענסטער,
אין שרעק פֿאַרזונקען און אין מאָרד —
איז דאַרף מען עפֿענען אַ פֿענצטער
צו ברייטער וועלט מיט אונדזער וואָרט.
און איר? איר זיצט אין אייער נאָרע,
צו שטאַרבן גרייט פֿאַר יעדער שוועל...
וואָס איז אַ לאַנד — אַ קליינס, אַן אָרעמס,
ווען ס'וואַרט אויף אונדז די גאַנצע וועלט?!" —

עקיבאַ הערט אלישע'ס חקירות,
זיין ענטפֿער שאַרף איז, ווי אַ שפּיז:
— „ס'איז ברייט, מיין חבר, וועג צו כפּירה,
דער וועג צו תשובה ברייטער איז.
שוין פֿערציק דורות, ווי מיר טראָגן
די תורה, ווי אַ זיסן יאָך,
איז פֿאַלש, אלישע, דיין השגה:
צו גויים ברענגען אונדזער תוך.
ס'האָט אויסדערוויילט דער בורא־עולם
די בני־ישראל פֿאַר זיין פֿאָלק, —
וועט שווער זיין, שווער פֿאַר די ערלים
צו טראָגן אונדזער תורה־עול.

— „אומזיסט, אלישע, דיין שליחות:
פֿאַרשאַכערן זיי אונדזער גאָט:
מיר האָבן אויסגעיעט רציחה
דורך דורות גלויבן אין אחד.
און זיי? אין פֿינצטערניש און שווידער
פֿאַרזונקענע מיט לייב־און־לעב,
זיי וועלן אייביק צו'ר עקידה
אונדז פֿירן, ווי דעם קרבן־שעפּס.

— „אומזיסט, אלישע, זוכסט אַ גואל
אין טעמפּל פון אַ פאַלשן גאָט,
דו גייסט דאָך אויך אין וועגן שאָול׳ס,
כאָטש לייקנסט שוין אין זיין געבאָט.
דיין „תורת-אי׳ש״ איז ווילד-משונה,
פאַרבלענדעניש און דברי-חול:
ס׳וועט טויט-זיין אידישע אמונה,
ווען ס׳וועט נישט זיין קיין אידיש פאָלק.
פון „אי׳ש״ ביז שדי פעלט די גימל,
די גימל, וואָס איז גילוי-יה —
דער אונטערשייד פון ערד און הימל,
דער חילוק צווישן דאָ — ניט-דאָ.

— „מיר דינגען נישט אַרוים יהוה׳ן,
מיר האַנדלען נישט מיט אונדזער גאָט.
עס שטייט: כל גוי וגוי חיבים
דערגיין צו קדושה פון אחד.
און וואָס, אלישע, איז דער יחוס:
— באַקערן רוים צו אונדז מיט גוואַלט —
עס וועט די גוי׳אישע רציחה
פאַרפעסטן אונדזער ריינעם קוואַל.״ —
אלישע שטייט, אין פיין פאַרגליווערט,
דערשלאָגן פון זיין חבר׳ס שפּאָט:
— „און וואָס איז בילכער, רב עקיבאַ:
דער אל-אחד, צי עם-אחד?״ —

עקיבאַ קוקט אויף אַפּיקורס.
זיין שטים — ווי אויסגעשמידטער שטאָל:
— „בלויז אונדז באַשערט איז דורך די דורות
די תורה טראָגן, ווי אַן עול!
נישטאָ קיין תורה אָן קיין אידן,
אָן אידן איז קיין גאָט נישטאָ.
און ס׳קאָן נישט זיין מיט פיינט קיין פרידן,
כל-זמן ער טרעט אונדז מיט זיין טלאָ.״ —
אלישע ברעכט די הענט: — „עקיבאַ,
צו-שטאַרק דער פיינט, און מיר — צו-קליין!
צוואָוואָס פאַרטיפן די מריבה?
איך קאָן מיט אייער וועג נישט גיין.״ —
עקיבאַ טוט אַ ריס זיך קריעה.
די ליפּן שעפּטשען אַ געבעט:
— „איך שיק דיר ס׳ווייב קיין קיסריה,
דו זאָלסט איר געבן דאָ אַ גט.״ —

## ו. דער גט

### 1. אַ שליח

אווּעק דער זומער. ס׳איז סוף תשרי.
די בלעטער פאַלן צו דער ערד.
ער וואַרט און וואַרט, נאָר ס׳האָט אלישע
פון ר׳ עקיבאָ׳ן נישט געהערט.
מיט טויטן ריח שמעקן סעדער,
מיט זיסן, וועלקן אַראָמאַט.
אלישע וועבט די לעצטע פעדעם
פון ערשטן טייל פון „אי״ש-טראַקטאַט״.

אַ גרויער טאָג אין אָנהויב כסלו
הענגט איבער געצנדינער-שטאָט.
געווען איז נעכטן אַ געוויסער,
פאַרפלייצט די הייזער, גאַס און סאָד.
אלישע זיצט אין סומנעם חדר,
פאַר׳דבקה׳ט אין אַ נייעם ליד.
מע קלאַפּט אין טיר. אין נאַסע קליידער
אויף שוועל שטייט גד, דער זילבערשמיד.
אין גד׳ס אין האַרטע געלע אויגן
די שנאה גליט, ווי שלאַנגען-בים.
אלישע׳ס האַרץ — אַ קראַנקער פויגל
גיט האַסטיק זיך אין ברוסט אַ רים.
אלישע זיצט, אין שרעק געקאָוועט.
גד ציט אַרויס פון זילבער-שייד
אַ שוואַרצן, אויסגעקריצטן טאָוול
און גיט עס איבער אים אָן רייד.

אלישע לייענט, ווי אַ צעמישטער.
די אויגן פינטלען אין דעליר:
— „קום מאָרגן פרי אין הויף פון כנישתאָ.
דיין ווייב, דיין דבורה, וואַרט אויף דיר.
געשיקט האָט זי אַהער עקיבאָ,
דו זאָלסט איר געבן דאָ אַ גט.״ —
גד שפּאַנט אַרויס מיט שווערע שטיוול.
אלישע פאַלט אין הינערפלעט.

### 2. אלישע און דבורה

אויף מאָרגן, אין אַ קורצער גלימה 1)
ער איילט פאַרביי די כנישתאָ-ווענט,
פאַרביי דעם חצר — ס׳זעלבע צימער:
ער האָט עקיבאָ׳ן דאָ געזען.

1) גלימה — אַ בגד.

אין צימער: חזן פון דער כנישתא,
דער זילבערשמיד מיט רויטער באָרד.
און דבורה שטייט און צופּט דאָס טישטוך —
ר'האָט נישט געזען זי באַלד צוויי יאָר.
ער קוקט אויף איר: אין אויגן — טרערן,
און טיפע קנייטשן — אַרום מויל,
אַ בלויער אָדער קריצט איר שטערן,
אין אַפּלען — שנאה, פּיין און גרויל:

— „אלישע... מאַן מיינער... מיין שררה...
מיין גרויסער תנא... שיין פון גאָט...
אַ, זע: וואָס איז פון דיר געוואָרן
אין פרעמדער געצנדינער-שטאָט!
אָן באָרד און פאות... אַ גלוח...
מיט לאַנגע, אויסגעדאַרטע הענט...
ווי ס'וואָלט אַריין אין דיר אַ רוח...
איך וואָלט אויף גאַס דיך נישט דערקענט..." —
אלישע שווייגט. דאָס איז זי, דבורה,
זיין ווייב שוין איבער פופצן יאָר.
ער וואָלט פאַר איר געפאַלן כורעים
און טרייסטן זי מיט ווארעם וואָרט.
ער נעמט אַרום מיט בליק דאָס חדר:
פּאַרבישן, פיינטלעך, מיט פאַרדאַכט,
די שטומע, אויסגעטראַצטע עדות,

ווי זעלנער, שטייען אויף דער וואַך.
אויף זיינע ליפן בליט אַ שמייכל,
כאָטש ס'שטיקט אין האַלדז אים דאָס געוויין:
— „רבותי, זייט מיר, כ'בעט אייך, מוחל,
כ'וויל בלייבן דאָ מיט איר אַליין!" —
עס רוקט אַרויס זיך הינטערוויילעכס
דער חזן צדוק, גד — נאָך אים.
אין האַלדז אלישע'ס שווערער קיילעך
האָט נאָכגעלאָזט. זי הערט זיין שטים:

— „וואָס מאַכסטו, דבורה? כ'זע, דיין שטערן
אין פאַלדן קנייטשט זיך. ביזט געזונט?" —
פון אירע אויגן שטראָמען טרערן,
די אַפּלען פינטלען אויף דער זון.

איר קויל איז בראָכיק, האַרט און ביטער.
עס קלאַפּט אין מויל איר צאָן אויף צאָן:
— „מיין מאַן... מיין האַר און מיין געביטער,
וואָס האָסטו אונדז דאָ אָפּגעטאָן?
זינט יענער שעה, ווען ביזט אַנטרונען,
פּונקט ווי אַ גנב אין דער נאַכט,
בין איך געבליבן אַן עגונה,
געוואַרט, גע׳חשבונ׳ט און געטראַכט:
פון היים אַנטלאָפן — אַ מהלך,
מיט זיך און גאַנצער וועלט אין קריג...
איז אַלץ שוין אוים? איז אַלץ פאַרפאַלן?
איז שוין נישטאָ קיין וועג צוריק?
כ׳האָב אַלץ געטאָן: געריסן קברים...
און ביים סנהדרין כ׳בין געוועזן...
און אומעטום — דיזעלבע דברים:
׳ר׳האָט הינטער זיך שוין אַלץ פאַרברענט׳.״ —

זי כאַפּט זיך אָן אין ראַנד פון טישל
מיט בלייכער ציטערדיקער האַנט:
— „נישט אַלץ פאַרפאַלן איז, אלישע,
עס איז אַן אויסוועג נאָך פאַראַן!
קום צ׳ריק — און שטעל זיך פאַר סנהדרין
און בעט מחילה פאַר די זינד,
בויג־אָן דעם שטאָלצן חוט־השדרה,
אויב נישט פאַר מיר — פאַר אונדזער קינד.״ —

איר קול פאַרגייט זיך אין אַ יאָמער.
ער ציטערט אויף, ווי אין דעליר:
— „וואָס מאַכט זי, אונדזער זיסע נעמי?
זי בענקט נאָך מיר? זי פרעגט אויף מיר?״ —
זי שווייגט אַ ווייל. אַן שרעק, אַן בושה
זי טוט אַ פאַל צו זיינע פים:
— „אלישע, קום צוריק קיין אושא —
ס׳איז צייט פאַרנייען אונדזער רים!״ —

ער הויבט זי אויף. אין מידע אויגן —
באַשייד, עקשנות און פאַרדראָס:
— „וואָס דאַרפסטו מיך — אַ קראַנקן פויגל,
וואָס האָט זיין סטאַיע לאַנג פאַרלאָזט?
דו ביזט נאָך יונג: עס וועט דער גורל
באַשערן דיר נאָך פרייד און גליק.
און איך? אין לעצטער נאַכט־אשמורה
האָב איך פאַרברענט די לעצטע בריק.

— „כ׳בין גוט געווען צו דיר, מיין דבורה,
פון אונדזער ערשטער חופה־נאַכט,
געזוכט פאַרטרייבן מרה־שחורה,
וואָס האָסט פון טאַטנ׳ס הויז געבראַכט.
נאָר יאָרן־לאַנג האָסטו געטראָגן
צו מיר אַ שנאה, ווילד און בייז,
וואָס האָט מיין האַרץ און זעל געשלאָגן
מיט סם־המות׳דיקער פויסט.
וואָס איז געווען דער קוואַל פון שנאה —
איך קאָן ביז איצטער נישט פאַרשטיין.
האָב איך דען נישט, לויט אונדזער מנהג,
מיין ווייב געהאַלטן, ווי אַ קרוין?
כ׳האָב דורך די נעכט געלערנט תורה,
גע׳עוסק׳ט זיך אין פּרדס־סוד.
נאָר דיך, מיין ווייב, מיין שיינע דבורה,
כ׳האָב נישט געלאָזט אויף גאָט׳ס באַראָט.
כ׳האָב דיר געבויט אַ הויז פון צעדער
מיט זיילן — מאַרמאָר און בורשטין —
און ווי אַ נעסט עס אויסגעפּעדערט,
און האָב געשאָנקען דיר אַ קינד...״ —

ווי אַ פאַרוואונדעטע פּאַנטערע,
זי גיט אַ רים זיך, פול מיט פּיין:
— „נישט רעד צו מיר... נישט שטראָף מיך מערער...
דאָס קינד... אלישע... האָט דיך פיינט...״ —

ער שטייט אין שטוין. די רגע׳ס פּאַכן,
ווי פייגל אין דער אייביקייט:
— „דו האָסט געליבט נישט מיך, נאָר רחל׳ען...
כ׳האָב עס געוואוסט די גאַנצע צייט...
איך שילט דעם טאָג פון מיין געבוירן...״ —
אלישע בייסט אין פּיין די ליפּ:
— „דו ביזט גערעכט געווען, מיין דבורה —
איך האָב דיך קיינמאָל נישט געליבט!״ —

זי גלייכט זיך אויס — אַ שטאָלצער זעגל,
וואָס גרייט צו לאָזן זיך אין ים.
זי וואַרפט אויף אים זיך מיט די נעגל...
דער ווייטיק בריט אים, ווי אַ פלאַם.
זי טוט אויף אים אַ כראַקע: — „אַחר!
דו האָסט פאַרשוועכט מיין הויז און בעט.
כ׳בין מוחל דיר דיין רייכע נחלה.
איך וויל אַ גט! איך וויל אַ גט!״ —

אלישע רופט אריין דעם חזן.
פון בלאסן פנים רינט דאס בלוט:
—„איך וויל זי, אידן, נישט באַ'גזל'ען,
איך שרייב איר אפּ דאָס גאַנצע גוט.
מיין ווייב נישט לעבן זאָל אין אַרמוט,
אין נויט נישט וואַקסן זאָל מיין קינד!" —
דער חזן שרייבט אריין אין פּאַרמעט.
אלישע חתמ'עט — און פאַרשווינדט.

## 3. אַ לעבן אָפּגעלעבט אין טעות

אלישע שפּאַנט. ווי חיות־רעות,
רעיונות רייסן שטיקער מאַרך:
— 'אַ לעבן אָפּגעלעבט אין טעות,
'איצט דאַרף מען צאָלן לויטן שטר.
'ס'איז נישט איר שולד — איך בין דער זינדער,
'און ס'קומט די שטראָף נישט איר, נישט איר...
'ווען וואָלף פאַרצוקט די שאָף און רינדער,
'די שטראָף — אויף שלאָפנדיקן הירט.'
ער קוקט אויף קייט פון זיינע נעכטנס:
אַ רונג פון פּיין, אַ רונג פון פרייד —
אַזויפיל ליכטיקע געפעכטן,
אַזויפיל פינצטערער באַשייד.
ער ציילט, ווי אונטער שלעסער זיבן
עס ציילט אַ קמצן זיין רכוש:
צוויי פיינטשאַפטן — פאַר יעדער ליבע,
צוויי שלאַנגנבים — פאַר יעדן קוש.
ער ציילט פאַרלוסטן און געווינסן —
פאַר אַלץ צעצאָלט זיך מיט אַ טרער:
פאַר וואָרער שנאה — צוויי מאָל צינדזן,
פאַר פאַלשער ליבע — צוויי מאָל מער.

ער ציילט מפּלות און נצחונות,
פאַר אַלץ באַצאָלט האָט ער אין קריג:
פאַר יעדן דורכפאַל — צוויי מאָל עונש,
און צוויי מאָל מער — פאַר יעדן זיג.
ער וועגט דעם אומגלויבן און גלויבן
אויף גורל'ס וואָג: אַרויף, אַראָפּ —
געטויט האָט אַלע ווייסע טויבן
פון אומגלויבן דער שווארצער ראָב.
די זון פאַרגייט — אַ פלאַקער־דאָרן —
און צינדט אין פלאַמען דעם יציר:
— „האָסט נישט געזיגט נאָך, גאָט פון צאָרן,
כ'וועל נאָך פאַרמעסטן זיך מיט דיר!" —

## ז. דער רים

### 1. צוויי יאָר פאַרביי

צוויי יאָר פאַרביי. ווי מדבר - קערנער,
אלישע׳ם שפּראָצן נעכט און טעג.
ער שטרייט אַנטקעגן גאָט, דעם צערנער,
אין קיסריה׳ער ביבליאָטעק.
מחשבות פלאַקערן, ווי סטערטעס,
אויף שייטערן פון חלום - וואָר:
— ״אָ, גיב מיר זיסע קראַפט פון ווערטער
דערהויבן זיך צום וואָרן וואָרט!
דורך צרופים, ציפערן און צייכנס
באַווייזן קלאָר דעם יש פון גאָט:
דעם גאָט פון סנה מיט גאָט פון שׂכל
פאַראייניקן אין אי׳ש - אחד!״ —

ער פאָרשט פּאַפּירוסן, מגילות,
פאַרטיפט זיך אין קבלה - ים,
דורך פרישות - נעכט ער פראַוועט תפילות —
און ס׳ברענט זיין האַרץ אין קדושה - פלאַם.
נאָר צווישן שטראַליקע עמודים
פאַרלאַקט זיין האַרץ מיט זיסער לוסט:
פון רחל׳ס לייב די רייכע סעודה,
איר ליכטיק - טרויעריקער דמות.

מיט הילף פון צייכנס און צירופים
פון פשט און רמז, דרוש און סוד
באַהעפט ער די צעצווייגטע גופים
פון אָדם - חוה — אין אחד.
ס׳האָט די האַרמאָניע צעריסן
דער זיסער רייץ פון רחל׳ס לייב.
אין שטרייט פון היתר און פון איסור
באַגערן זינדיקע ער טרייבט.
זיין האַרץ — אַן אַנגעפּלאַצטער כינור —
איז פון געראַנגל חרוב - קראַנק.
אין פרעמדער שטאָט פון געצנדינער
אלישע׳ם לעבן צאַנקט און צאַנקט.

## 2. גאַל און שפּאָט

די נאַכט איז אויסגעשטערנט, ווינטיק.
ער ליגט האַלב-דרימלדיק, האַלב-וואַך.
אין קלייד פון בלויע היאַצינטן
שפּאַצירט אַרום די מלכה-נאַכט.
אין רויש פון הימלישער קאַפּעליע,
אין שטערנ׳ס פלאַטערדיקער זשום —
אויף האַרצנ׳ס האַרפּע שפּילט דער עלנט:
ווי ווייט ס׳איז צווישן זיי דער תּחום?
שוין באַלד אַ חודש, ווי באַקומען
ער האָט פון רחל׳ען בייזן בריוו.
דער ווייטיק נאָגט מיט זיסן אומעט,
מיט ביטער-חשוונ׳דיקן טריף:

— „וואָס מאַכט דער איינגעשפּאַרטער כּופר?
ער לעבט נאָך-אַלץ מיט הוילן גייסט?
דאָס לעבן ז׳קורץ, די יאָרן לויפן —
דער קיסר ז׳אַלט און קאַלט, ווי אייז.
און דו? אַן אויסגעדינטער כּוהן,
דו האָסט צעקריגט זיך מיט דיין גאָט —
גיב-אויף דעם פינצטערן שגעון,
פאַרגעס דאָס דריי-געשטאַלט אחד.
און קום קיין רוים. איך וועל ביים קיסר
פאַר דיר דאָ אויס׳פּועל׳ן אַן אמט.
איך ווייס, וועסט ווידער מיך פאַרשטויסן
מיט ווערטער הייליקע — ווי סם.״ —

די ווערטער צישן אונטער שלייער
מיט גאַל און שפּאָט און שאָדנפרייד:
— „פון דיינע לידער כ׳קאָן נישט נייען,
אלישע, זיך קיין זיידן קלייד.
איך האָב געלייענט דיין ליד „אַ תּפילה״,
וואָס האָסט געשריבן וועגן מיר.
ס׳וועט בלויז אַרויסרופן רכילות:
ס׳איז אַלץ דאָרט ביליק, ווי אַ צירק.
די רויע לוסט צו מיינע גלידער
איז דורכזיכטיק אין דיין געמעל.
פאַרשטיי, אלישע: מיט די לידער
טוסט אויס מיך נאַקעט פאַר דער וועלט.
עס ווייט פון דיינע פּען-געמעלן
מיט גבורה, ליבשאַפט און מיט חן.
נאָר אויב מיין לייב איז דיר געפעלן,
כ׳וויל נאַקעט זיין פאַר דיר אַליין.

— „דו ווייסט, איך האָב דיך ליב, ווי פריער,
נאָר פאַלש דיין ליד איז און גראָטעסק...״ —
ער לייענט — און ס׳ווילט זיך רייסן קריעה
נאָך זייער בונד, ווי נאָך אַ מת.
וואָס ס׳זאָל נישט ברענגען אים דאָס לעבן:
אַ ים מיט פּיין, פון גליק אַ שטראַל, —
ר׳וועט נישט פאַרגעסן, נישט פאַרגעבן
איר בריוו, געטונקענעם אין גאַל.

* * *

ס׳האָט האַרץ געברענט — אַ קרבן - ווידער,
ווען ר׳האָט געענטפערט איר מיט ווי:
— „איך וועל פאַרניכטן אַלע לידער,
קיין שפּור נישט בלייבן זאָל פון זיי.״ —
ווי ס׳וואַרט דער חולה: גורל׳ס חסד
זאָל אים פאַרהיילן שניט פון וואונד,
האָט ער חדשים און מעת - לעת׳ן
געוואַרט אויף איר אַנטשולדיקונג.
געוואַרט אַן אייביקייט אין האָפן,
נאָר נישט געקומען איז איר בריוו.
דער שניט איז טיף, די וואונד איז אָפן —
און ס׳בלוט פון האַרצן טריפט און טריפט:

— „ס׳איז גוט אַזוי!״ — ער זינגט אַן אָדע
און הויבט דעם גיפטיקן פּיאַל:
צו שנאָה, וואָס איז זיס, ווי פלאָדן,
צו ליבע, וואָס איז ביטער - גאַל.
עס פליסט דער ווייַן, ווי בלוט פון וואונדן,
און ס׳בלוט, ווי ווייַן ווי זיסער, פליסט.
עס טיקן פינצטערע סעקונדן
און פאַלן טויט ביי זיינע פיס.

ר׳וועט מער אויף אירע בריוו נישט וואַרטן,
דאָס האַרץ פון וואַרטעניש איז מיד.
ר׳וועט אַלע טרוימען אָפּגענאַרטע
דערזינגען אין זיין לעצטן ליד.
דער שניט איז טיף, די וואונד איז אָפן,
דאָס קראַנקע האַרץ גייט - אָפּ מיט בלוט.
ער האָט פאַרדינט די האַרבסטע שטראָפן!:
— „סאַלוט, מיין פייניקער, סאַלוט!״ —
דער לעצטער פאָדעם אָפּגעריסן.
די וואונד — אַ פלאַקערדיקע פאָן.
— ׳אַ, לאָז אַ קוש - טאָן מיר אין גסיסה
די האַנט, וואָס האָט מיר ווי - געטאָן!׳ —

### 3. אַ פינצטערע ידיעה

עס גליען טעג — אַסטראַלע ספירות.
אלישע צאַנקט — אַ ליכט אין ווינט.
און מיטאַמאָל — פון רוים הבירה
ער קריגט אַ בריוו, ווי אַ גזר־דין:
— „מיין האר, אלישע, גרויסער תנאַ,
עס לויכט דיין נאָמען, ווי די זון.
עס שרייבט צו דיר דיין קרובה חנה,
וואָס וואוינט אין רוים דאָ מיט איר זון.
מיין טאַטע האָט נאָך מיט דיין זיידן
געהאַנדלט אויף זיין מגדל־גוט.
כ'געדענק דעם טאָג, ווען אויף אַ פרידה
אַוועקגעפאָרן ביזט קיין לוד.
איך וואוין אין רוים מכמה שנים,
געשטאָרבן לעצטנס איז מיין מאַן.
איך בין אַ פינצטערע אלמנה
און בענק צוריק נאָך גליל־לאַנד.
— „נאָר נישט פון מיר און מיינע צרות
איך שרייב, אלישע, דיר דעם בריוו,
כאָטש ס'הארץ איז פול מיט וויי און צאָרן,
און ווי דער ים, מיין פיין איז טיף.
איך שרייב דיר וועגן דער אַלמנה,
דער שיינער רחל — דער מרשעת.
דו ביזט צו איר, דער בושת־פנים,
געווען אין מגדל נאָך פאַר'קנס'ט.
אויף וועגן פינצטערע, געמיינע
איז זי אַוועק לתרבות־רעה:
זי איז דעם קיסר'ס קורטי־זונה
און לעבט מיט אים אַ חיי־שעה.
— „ס'האָט אדריאַן אַ רייכן פּאַלאַץ
איר אויפגעשטעלט אינמיטן שטאָט.
מע זאָגט: זי בוקט זיך דאָרט צום פּאַלאַס,
צום ליבע־געץ, וואָס הייסט עראָט.
ער האָט פאַרגעסן זיין סאַבינאַ, 1)
דעם קריג מיט גאַל און מיט טעווטאָן,
אויף רחל'ס מאַנדל־אויגן גרינע
האָט ער פאַרביטן קרוין און טראָן.
ר'האָט אַלעמען פון זיך פאַרשטויסן:
פּאָעט, טריבון און פילאָסאָף.
געדראָט סאַבינאַ האָט דעם קיסר
מיט קלעאָפּאַטראַ'ס וויסטן סוף:

1) וויביאַ סאַבינאַ — קיסר אדריאַנ'ס ווייב.

— „זי וועט צוליב דער שיינער אידין
'אַ שלאַנג זיך צולייגן צו'ר ברוסט...' —
נאָר אַדריאַן איז מער צופרידן
פון רחל'ס גרינער שלאַנגען-לוסט.
און ס'איז געשען... עס האָט די מלכה
געטויט אַליין זיך מיט אַ שלאַנג:
ס'האָט זי געפונען אין איר אַלקער
פאַרגליווערט, טויט שוין, אַדריאַן.
אין רוים די נייס האָט אויפגעטרייסלט
טריבון, סענאַטאָר און סאָלדאַט.
ס'האָט אַ לוויה איר דער קיסר
באַפוילן מאַכן מיט פּאַראַד.

— „און רחל זיצט פאַרשפּאַרט אין פּאַלאַץ
און רעדט צו קיינעם נישט קיין וואָרט.
מע שמועסט: דער פּריסטערין פון פּאַלאַס
ער האָט פאַרשפּראָכן מלכה'ס אָרט.
איז מילא: אַדריאַנ'ס הבטחה
וועט שוין פאַרדעקן זיינע זינד.
נאָר גיב אַ טראַכט, אלישע: רחל
איז סוף-כל-סוף אַ אידיש קינד.
עס צערענען די געצנדינער.
די שנאה קראַקעט, ווי אַ ראָב.
עס זאָל, חלילה, זייער שנאה
נישט אויסגיין נאָך צום אידנ'ס קאָפּ." —

## 4. הרצחת וגם ירשת?

עס טוקן זיך אין ים פון ספירות
די שטאַרע בליקן פון אַסקעט —
און ס'טריפן ווערטער אויף פּאַפּירוס
מיט צער און צאָרן און געבעט.
אין מוח האַמערן טאַראַנען,
דאָס הארץ איז שיכור, ווי פון וויין:

— „איך שרייב דעם בריוו נישט צו לופּיאַנאַ'ן,
צו רחל'ען כ'שרייב אין שעה פון פּיין.
— „כ'האָב היינט פון רוים אַ בריוו באַקומען.
מע שרייבט מיר: ס'איז סאַבינאַ טויט.
און דו? דו גייסט אויף וועגן קרומע —
דו מעסט אויף זיך דער מלכה'ס קלייד.
עס האָט די נייס, ווי טויזנט בליצן
מיין הארץ צעלעכערט און צע'אַש'ט.
אין מוח ווערטער דריי זיך קריצן:
'הרצחת וגם ירשת?'

— „איך בעט: נישט הייראַט אַדריאַנ׳ען —
דו ביזט נישט זיין באַשערטע פּאָר.
עס איז אַ גרויס געפאַר פאַראַנען,
אויב וועסט פאַרנעמען מלכה׳ס אָרט.
פאַרגיב פאַר פאָדערונג צו־שטרענגער.
כ׳דערוואַרט פון דיר אַ גרויסע טאַט.
אויך איך בין גרייט אַ קרבן ברענגען:
איך וועל פאַרברענען „אי׳ש־טראַקטאַט״.
דורך פּיין און אומליבע און חרם
כ׳האָב צוואַנציק יאָר אויף דיר געוואַרט.
כ׳בין פריי, כ׳האָב אָפּגעג׳גט שוין דבורה׳ן.
איצט, רחל, דיר געהערט מיין האַרץ.
קום צ׳ריק צו מיר קיין קיסריה.
ס׳וועט אונדז צעשיידן בלויז דער טויט.
אויב קאָנסט נישט מאַכן די נסיעה,
קיין רוים צו דיר כ׳בין קומען גרייט.״ —

## 5. די צעזאַרין פון רוים

אלישע וואַרט. עס לויפן וואָכן —
און ס׳קומט קיין ענטפער נישט פון רוים.
אין מוח עקשנ׳ט זיך בטחון,
אין האַרצן לעשט זיך לעצטער טרוים.
אויף צענטער וואָך האָט אַ שליח
אלישע׳ן רחל׳ס בריוו געבראַכט:
— „איך קום נישט צ׳ריק קיין קיסריה,
עס איז נישט פאַרטיק נאָך מיין יאָכט.
געדענקסט: איך האָב אַמאָל אין גליל
געהאַט אַ וואונדערלעכן טרוים...
איצט ווערט מקוים דאָ מיין חלום:
כ׳וועל ווערן צעזאַרין פון רוים.
— „אַרומגעשליידערט האָסט, אלישע,
די ליבע מיינע, ווי אַ ביין.
איצט וועט די טאָכטער יואל פישער׳ס
מיט קיסר טיילן דאָ די קרוין.
דו דראָעסט מיר מיט „וועגן קרומע״
און הייראַט באַטסט מיר אָן און גליק.
דו ביזט נאָך אַלץ אַ איד אַ פרומער,
כאָטש האָסט די פאות אָפּגעפּליקט.
גלויבסט אַלץ אין טהרת־המשפחה,
כאָטש ס׳ליגט אויף דיר דער חרם־בראַנד.
דו ווילסט נישט הייראַטן מיט רחל׳ען,
דו ווילסט זי ראַטעווען פון שאַנד.

— „איך זוך נישט, טייערער אלישע,
קיין ליבע אין דער אייביקייט:
אַ רגע רום — פֿאַר יעדער אישה
איז מער, ווי גליק אין רוים און צייט.
ס'איז אַלט דער קיסר אַדריאַנוס,
און דו — אַ יונגער פרילינג־טייך.
כ'בין גרייט פֿאַר קיסר און פֿאַר תנאַ —
מיין ליבע טיילן צווישן אייך.
צעריים די גרויע מאַנוסקריפּטן,
פון געטער־קאַמף דעם פוסטן טרוים —
און קום אַהער — ס'וואַרט דיין געליבטע,
לופּיאַנאַ — צעזאַרין פון רוים." —

### 6. דער ריס

אויף רויטע דעכער ברענט די שקיעה —
אַ מדבר'דיקער דאָרן־פלאַם.
פון וויטנס ווימלט קיסריה,
עס שוימט און בייזערט זיך דער ים.
דורך צווייג־געפלעכטן ווייסע ווילאַס
זיך טוקן אין דעם שקיעה־צאַנק —
און דאַ אין גאָרטן קיל און שטיל איז.
אלישע זיצט אויף גרויער באַנק.
די וואָלקנס — זילבערנע יריעות —
זיך באָדן אין אַ ים פון גאָלד.
דורך טרערן־נעפּל אויף די וויעס
ר'לייענט רחל'ס בריוו צום צענטן מאָל.
דער מאַרך איז מיד פון בהיר־ספירות.
דאָס האַרץ איז מיד פון ליבע־וואָן.
ער שפּרייט אויף טיש אוים אַ פּאַפּירוס,
ס'נעמט לויפן פיבערדיק די האַנט:
— „איך האָב געלייענט מיט פּיין און שוידער
דיין בריוו, וואָס טריפט מיט גאַל, ווי פּעך.
דו לייקנסט נישט — דאָס מיינט, ביזט מודה,
אַז דו ביזט שולדיק אין פאַרברעך.
עס רעדט אַרוים פון דיר אַ דיבוק:
ווילסט ווערן צעזאַרין פון רוים.
דו זוכסט פאַרוואַנדלען אונדזער ליבע
אין אַ געהיימער מעשה־סדום.
וואָס טויג דיר רום און הויכער יחוס,
די קרוין פון מלכות'דיקן בלענד,
ווען ס'בלוט פון פינצטערער רציחה
וועט אייביק פלעקן דיינע הענט?

— „נישט גאַנצער כּישוף פון מצרים,
נישט אופיר־גאָלד, נישט בבל׳ס הון —
קאָן אָפּמעקן די שאַנד פון קין
אויף שענצטער מלכות׳דיקער קרוין.
איך האָב געטראָגן אונדזער ליבע,
ווי אייל — אין גאָלדענעם פּיאָל,
געהיט מיט אייפער און מיט פיבער:
פון אייל נישט ווערן זאָל קיין גאָל.
און דו מיט שפּאָט און עזות פרעכע,
ווי מיט אַ טראַמפּלדיקער זויל,
צעבראָכן האָסט דעם שיינעם בעכער,
אין גאָל פאַרוואַנדלט האָסט דעם אייל.

— „דיין האָס — אַ לאָגל פול מיט לויגן,
פאַר׳סמט, פאַרביטערט האָט מיין האַרץ.
דו האָסט די סטרונעס אָנגעצויגן —
און ס׳האָט די ליבע־האַרף געפּלאַצט.
ס׳איז אויסגערונען יוגנט־חלום,
וואָס האָט געוועקט אין מיר עקסטאַז —
דו האָסט פאַרוואַנדלט, ווי אַ קללה,
דעם טרוים פון אייביקייט אין האָס.
די ליבע ז׳טויט און טויט דער גלויבן:
איך האָב דיך צען טעג בלויז געליבט —
נישט לאָז מיך האָסן דיך אויף אייביק,
ביז לעצטן, לעצטן גסיסה־כריפּ.
דו האָסט אַמאָל ביי מיר געבעטן,
כ׳זאָל נישט צעשטערן אונדזער בונד.
איצט — דאָס געשטאַלט פון ליבע־געטין
כ׳ברען אויס פון האַרצן, ווי אַ וואונד.
עס האָט געזיגט די קורטיזאַנע,
וואָס מעסט אויף זיך די קרוין פון רוים.
פאַר מיר ז׳געשטאָרבן לופּיאַנאַ,
נאָר רחל לעבט — מיין יוגנט־טרוים.

— „ביז ס׳וועט געפינען זיין מנוחה
דער וואָגלדיקער אַהאַספער,
ער וועט נישט מיד ווערן צו זוכן
זיין רחל׳ען — פרוי פון זיין באַשער.
פאַרגעס אָן מיר און מיינע לידער.
וואָס דאַרף זיי צעזאָרין פון רוים?״ —
ער הויבט זיך אויף פון טיש, אַ מידער —
ס׳האָט האָס געטויט דעם ליבע־טרוים.

## ט. יאוש און גלויבן

### 1. אויסטערלישע ליבע

ער שפּאַנט פּאַראיינזאַמט איבער שטאָט
אין קלאָרע טעג, אין נעכט אין טריבע,
זיין הארץ — אַ פלאַטערדיקער מאָט
אין פלאַם פון אויסטערלישער ליבע.
איז אַלץ געשען דאָ אויף דער וואָר,
צי איז עס גאָר אַ בלויער חלום:
אַ ווייסער לאָק אויף ברוינע האָר
און אויגן גרינלעכע און שמאָלע?
און וואוינט זי אין אַ ווייטער שטאָט,
ביים געלן טייך פון טיבער שטילן,
צי ר'האָט אין שטערנדיקן שאָט
זי אויסגע'חלום'ט, ווי אַ תפילה?
איז דאָרט פאַראַן אַ ברייטע גאַס,
אַ ווייסער פּאַלאַץ, ווי אַ כינור,
אַ פרוי מיט אויגן — גרין, ווי האַס,
וואָס סמ'ט זיין הארץ מיט צארטער שנאה?
און בענקט די פרוי דאָרט יעדע נאַכט
און נעצט דאָס קישן אירס מיט טרערן?
צי האָט זי אים זיך אויסגעדאַכט
אין גלי פון פרילינגדיקע שטערן?
און ברענט אַ ווייסע יאָר-צייט ליכט
דאָרט נאַכט נאָך נאַכט אין בלויען פענצטער?
צי ס'האָט פאַרבלענדט אים אַ געזיכט
אין ווייסן כישוף פון געשפּענסטער?
האָט ער געקושט די ברוינע האָר,
האָט זי געשאָנקען אים איר ליבע?
צי ר'האָט גע'חלום'ט אויף דער וואָר
אַ טרוים, וואָס חזר'ט זיך נישט איבער?

### 2. די אישה השלימה

דריוולען טעג זיך אין פּיין און אין פיבער —
און קראַנק איז אלישע פון ליבע,
און עס שווערט אים די „מעשה מרכבה",
ווי אַ מילשטיין — אויף קראַנקער מחשבה.
און איינמאָל דערמאָנט זיך אלישע:
אין אַ הויף, אויף דער גאַס פון די פישער,
וואוינט זיין חבר, דער אַלטער קאַמוס,
דער מייסטער מיט דלאָטע און האַמער.

עס בלאָזן מיט צער און מיט עלנט
די ווינטן — די שופרות פון אלול —
און עס טרייבט אים די פּיין, ווי אַ דיבוק,
צום סקולפּטאָר׳ס צעהויקערטן שטיבל.
די טיר שטייט אָן אָפן-צעפּראַלטע,
זעט אלישע: דער מייסטער, דער אַלטער
אַ געבויגענער שטייט, ווי אַ דוהע,
און אַרבעט אויף מירמל-סטאַטוע.
אויפן קאָפּ — אַ דריי-עקעכדיק מיצל,
אין די אויגן — צעשייטערטע בליצן,
די האָר איבער שטערן צעשאָטן —
און ער ציזלט דעם שטיין מיט דער דלאָטע.

קוקט אלישע פאַרגאַפט אויף זיין חבר,
ווי ער שטייט איבער שטיין און דאַוונט
אין דערהויבענעם טראַנס פון יצירה —
און ס׳גנב׳ט זיך שטיל צו דער טיר ער.
נאָר פּלוצים באַמערקט אים קאַמוס,
טוט אַ שליידער די דלאָטע און האַמער,
נעמט האַסטיק אַרום אלישע׳ן —
און די רייד, ווי די שטיינער, זיך קרישלען:

— „שוין מעת-לעת׳ן מיט האַמער און ציזל
איך שטיי דאָ און בויער דעם קיזל —
און זוך דאָס פאַרבאָרגענע טירל,
וואָס זאָל פירן צום סוד פון יצירה.
אין מוח — אַ פונק פון בטחון,
אין האַרצן — אַ פריידיקע ברכה,
אויף ליפּן — געבעט, ווי אַ קללה —
וואָס זוך איך? די קרוין פון אַ חלום:
פון ווענוס — דער שוימיקער געטין,
פון עשתורת — דעם טרוים פון פּאָעטן,
פון שולמית — דעם חלום פון שלמה׳ן —
דעם סינטעז — די אישה השלימה.״ —

און עס פאַלט אויף די קניען קאַמוס,
אין די אָפּלען — צעשייטערטע פלאַמען —
און עס שוימט אויף פאַרטרוקנטע ליפּן
אַן עקסטאַטיש געבעט, ווי אַ קליפּה:
— „אָ, ליכטיקע קרוין פון יצירה,
ס׳וועט דער דיכטער דיר ברענגען זיין שירה,
ס׳וועט דער רייכער דיך צירן מיט לאַרבער
און ברענגען דער בעטלער זיין טאַרבע.

— „ס׳וועט פאַרלאָזן דער פּרוש זיין פּרישות
און זיך בוקן דער אייביקער אישה —
און דיך טראָגן צו פעלקער און לענדער
פון שיינקייט און ליכט אַ לעגענדע.
נאָר נישט פאַר געצנם פון די גבירים
כ׳האָב געשאַפן דיך, קרוין פון יצירה,
נאָר ברענגען זאָלסט פרייד פאַר פאָעטן,
אָ, אייביקע, ליכטיקע געטין!
און גלויב מיר, איך האָב נישט קיין מורא:
מ׳עט פאַרגעסן, ווער ס׳האָט דיך געבוירן —
און מיך — דיין באַשעפער און יוצר —
וועט די כוואַליקע צייט פאַרפלייצן.״ —
און אַ טרייסל דעם גוף, ווי אַ לולב:
— „ווי געפעלט דיר, מיין פריינט, די בתולה?
זאָג, וואָס האָב איך געשאַפן דאָ, תנאָ:
אַ מאַדאָנע, צי אַ קורטיזאַנע?״ —

קוקט אלישע אויף אַלטן מייסטער,
אויף באַשאַפענעם שטיינבילד געפרייזטן:
— „זי איז געטין און טייוול, קאָמום —
און אפשר גאָר ביידע צוזאַמען?!״ —

שטעלט דער מייסטער אַ פלעשל כיאָסער,[1]
נעמט טרינקען אַ כוס נאָך אַ כוס ער:
— „איר — קינדער פון גאָט פון הר-סיני,
בלויז איר זייט אויף קונסט מבינים.
אַ שאָד בלויז, וואָס אייער אמונה
פאַרבאָט אייך אַ פסל, אַ תמונה,
ווען נישט, וואָלט באַזיגט איר, כ׳בין זיכער,
אין שטיינקונסט די רוימער און גריכן.
נו, וואָס זיצסטו פאַרקלעמט, ווי אַ יתום?
נעם, אלישע, אַ גלעזל כיאָסער —
און דער וויין וועט דאָס הארץ דיר דערפרייען,
און פאַרגעסן וועסטו אַלע ווייען.״ —

און ער לאָזט זיך אַוועק אין אַ ריקוד,
פון וויין און פון חדווה שיכור.
און עס קלעפּן זיך וויעס די מידע —
און ער פאַלט אויפן בעטל אַנידער.
שטייט אלישע פאַרווירט לעם זיין חבר,
ס׳ברענט דער וויין אים אין האַלדז, ווי לאַווע,
אויף זיין קאָפּ פון כיאָסער ווערט מלא —
און ער זעט אין האַלב-וואָר, אין האַלב-חלום:

---

1) כיאָסער — שטאַרקער גריכישער וויין.

פון אַן אַלטן, צעשטשערבעטן פּסל
מיט אַ קאָפּ, ווי אַ לענגלעך פּעסל,
האָט אַ לץ מיט אַ שראַם אויפן פּנים,
מיט אַ פּליך, ווי אַ האַלבע לבֿנה,
מיט געשיקלטע אויגן פון טיוול,
מיט געלער, לעצט־מענערשער תאווה,
מיט אַ גוף, ווי אַ טרוקענער לולבֿ,
זיך פאַרקוקט אויף דער מירמעלנער בתולה.

ווען דער מייסטער איז איינגעשלאָפן,
מיט די אַפּלען פון ווייַן פאַרלאָפן,
האָט אַ וויג זיך געטאָן אויפן פּסל
דער לץ מיטן קאָפּ, ווי אַ פּעסל —
און געגעבן מיט ליסטיקן שמייכל
דער בתולה אַ וואונק און אַ צייכן —
און אַ קלינגל געטאָן האָבן רענדלעך
אין די הענט — ווי די דאַרע שפּענדלעך.

האָט פאַרגעסן די אישה השלימה
אַלע לאַוו'ן, פאַרבאָטן און צוימען —
און אַ שוויבער געטאָן מיט די לאָקן,
און די רענדלעך פאַרשטעקט אין די זאָקן,
און מיט אייליקע טריט פון אַ כּלה
זיך געלאָזן אויף וועגן פאַטאַלע —
און געבראַכט זיך — אַ קרבן־מתנה —
דער לץ מיטן שראַם אויפן פּנים.

ווען צעוועקט האָט זיך מייסטער באַגינען,
געקאָנט האָט ער קוים עם באַזינען,
צי זעט אויף דער וואָר, צי אין טרוים ער:
זיין חלום — זיין אישה השלימה,
איז געלעגן אָן שאַנד און אָן בושה
אין די אָרעמס פון לץ, דעם מגושם.
און דער לץ, ווי אַ חיה־רעה,

האָט באַלעקט זיך מיט ווילדער הנאָה.
האָט אַ הויב־געטאָן שטאָלענעם האַמער —
און זיי ביידן צעשמעטערט קאַמוס,
און מיט דלאָטע געשטעלט זיך רואיק
האָט ער האַקן אַ נייע סטאַטוע.
און אלישע — די הענט פאַרבראָכן —
האָט געזען דאָס געשטאַלט פון זיין רחל,
און געהערט, ווי דורך הימלישן טירל
לאַכט יופּיטער פון פאַרם פון יצירה.

## 3. ער גלויבט נישט מער אין נס פון גלויבן

דער זיסער טאָג פון אָנהויב פרילינג
דערברענט — אַ פלאַמענדיקער קנויט.
דער אָוונט פלאַטערט, ווי אַ תפילה.
עס שמעקט מיט צווייט און מאַנדלברויט.
אלישע שפּאַנט צווישן קאַלאָנעס
אין קילן הויף, מיט זיך אין קריג:
ער האָט די איידעלע מתנות
ערשט נעכטן איר צוריקגעשיקט.
דאָס שיפל איז אַוועקגעשוואומען
און איז געזונקען טיף אין ים.
אין הארצן — פינצטערניש און אומעט
און האָס — ווי פרירנדיקער סם.
און ס'האָט דעם ווײַן - בעכער צעשמעטערט
איר צאַרטע, רשעות'דיקע האַנט —
פון ליבע האַרבסטיקער און שפּעטער
געבליבן איז בלויז אַש און וואַן.
מיט גנאָד מיט בלויען נידערט אָוונט
און טריפט מיט ווייטיק און פּאַרדרוס.
אין בלויען אָפּשײַן פון „מרכבה"
האָט ער פאַרלוירן רחל'ס דמות.
די נאַכט פאַלט - צו. די שטערן גליִען,
ווי פערלרויג, אויף בלויער שויב.
אין מוח פּיקט דער ראָב פון יאוש,
אין האַרצן וואַכט די ווייסע טויב.
דאָס האַרץ איז מיד פון ווּיסטן פלאָנטער,
פון ליבע — ווי אַ וואָלקנבראָך:
ער האָט געזוכט אין איר דעם יום - טוב —
און האָט געפונען גרויע וואָך.
ער גלויבט נישט מער אין נס פון גלויבן.
פון פּיין קיין רעטונג איז נישטאָ.
פאַרבלוטיקט פאַלן ווייסע טויבן.
אין הימל קרייזלט שווארצע קראָ.

## 4. ניקאָדימ'ס עצה

עס קריכן טעג, ווי מידע קעמלען.
זײַן לעבן טריקנט, ווי אַ בלאַט.
אלישע'ס אויגן טוקן, פלעמלען.
ער האָט פאַרענדיקט „אי"ש - טראַקטאַט".
דורך לאַנגע נעכט אים פּלאָגט אַ דמיון:
וואָס — איצטער? וואָס וועט ווײַטער זײַן?
ער האָט אין שטאָט, חוץ ניקאָדימ'ען,
קיין קרוב, גואל און קיין פרײַנט.

האָט ער פאַרטרויט זיך פאַרן לערער,
אַז פּאַרטיק איז זיין לעבנס - ווערק.
— „ס'געפעלט, אלישע, מיר דיין דרך —
דער ווילן, ווייסט, איז עוקר בערג.
דער אמת מוז באַזיגן שקר.
איך האָב אַ פריינט אין אַנטיאָך. 1)
ס'איז פלאַוויוס — דער ביבליאָטעקאַר,
ער איז אין דברי - יה פאַרקאָכט.
שרייב, תלמיד, איבער אַלץ אויף ריינעם,
אַ דוגמאָ לאָז זיך פון כתב - יד.
דו האָסט אַ האַנט - שריפט דאָך אַ שיינע —
און שיק אים אָפּ דעם 'אי"ש - טראַקטאַט'." —
האָט צו'ר עבודה זיך אלישע
מיט פרייד גענומען און מיט פליים.
אַ חודש - צוויי — און אויף זיין טישל
די אַרבעט פעכלט — שוואַרץ אויף ווייס.
ער קוקט אויף זיין כתב - יד מיט תמימות.
זיין פּנים שטראַלט מיט פרייד און גליק.
און מיט אַ בריוו פון ניקאָדים'ען
האָט ער זיין אַרבעט אָפּגעשיקט.

## 5. דעם קיסר'ס רוף

וועק אַ חודש צוויי אין וואַרטן:
ווי פרידה'ס, קריכן פוילע טעג.
אויף לאַנגען גוף, אויף אויסגעדאַרטן,
די בגדים הענגען — לויז, ווי זעק.
און מיטאַמאָל — אין אָנהויב זומער —
עס קומט צולויפן ניקאָדים:
— „אלישע! מזל - טוב! באַקומען
איך האָב אַן ענטפער היינט פון אים.
ער לויבט דיין אַרבעט ביזן הימל.
ער שרייבט: — 'ס'אַ ברייט - צעצווייגטער בוים!'
ער שפּאָרט קיין ווערטער עס צו רימען.
ער האָט עס אָפּגעשיקט קיין רוים.
ער שרייבט: 'געלייענט האָט די מגילות
'דער גוטער קיסר אַדריאַן,
'קיין רוים ר'וועט לאָדן דיך אַפילו,
'און צוגעשיקט דיר אַ געשאַנק.' —
אלישע נעמט אַרום זיין לערער.
זיין פּנים שטראַלט פון פרייד און גליק:
— „פאַר נעכט אָן שלאָף, פאַר מי, פאַר שווערער,
עס קומט דער שכר! עס קומט דער זיג!" —

---

1) אַנטיאָך — די דעמאָלדיקע הויפּט־שטאָט פון סוריה (סיריע).

אויף פייכטע ווענט די שקיעה גוסס'ט.
מע קלאַפּט אין טיר אָן: — „אַ שטאַפעט
פון רוים, פון אדריאַן, דעם קיסר!" —
אלישע עפנט דעם פּאַקעט.
ער לייענט: — „דער קיסר אדריאַנוס
פאַרבעט קיין רוים צו קומען באַלד
אלישע'ן, דעם יודעער תנאַ,
אַלם גאַסט צום זומער-פעסטיוואַל." —

### 6. פּאַלמעס אין שניי

איבער פאַרביקע, ליימיקע גרונטן
לויפט דער וועג באַרג-אַראָפּ, באַרג-אַרויף —
און צעעקבערט די באַרגיקע גרונטן,
ווי אַ שלאַנגיקע, שטאַלענע שרויף.
איבער צווייגיקע שורוועס פון בוימער
שמעקט מיט שטורעם און וואַלקנבראָך.
איבער טראַקט, אויסגעטראָטן פון רוימער,
פאָרט אלישע קיין אַנטיאָך.
לעצטע שטראַלן פון שקיעה דערגליען
אויף דער ווילדבלום פון מדבר — רויט.
און דער שטורעם פאַרבלענדט די ראיה,
שפּילט אַ ניגון פון בענקשאַפט און טויט.
איבער שטרעקעס, ווי ווייסע בית-עלמינ'ס,
אין געווירבל פון ווילדן געדריי
שטייען טרויעריק-שלאַנקע פּאַלמעס,
די קעפּ פאַרפאַראָשעט מיט שניי.
אין צעוויכערטן שטורעם-צעפּלאַקער
שטייט אַ באַרג אין געפּלעפטן שטוין —
און עס זילבערט דער שניי אויף זיין נאַקן,
ווי אַ בלענדיקע דימענט-קרוין.
איבער צויטן פון שקיעה, וואָס צאַנקען,
שווימט אַרוים און נידערט-אַראָפּ:
אַ פרוי, ווי אַ פּאַלמע, אַ שלאַנקע,
מיט אַ ווייסן, פאַרשנייעטן קאָפּ.
לעצטער צאַנק — און נישטאָ מער קיין שטורעם,
נישט קיין מדבר, קיין בערג און קיין וועג:
ס'האָט די נאַכט מיט איר חשכות, דער אורער,
אַלץ פאַרשלונגען, פאַרלענדט און פאַרדעקט.
און ער הערט, ווי די ראָבן שרייען:
— 'ווי אַ שלאַנג, איז צעטראָטן דיין טרוים!' —
און עס פייניקט אַ פינצטערער רעיון:
'איז רחל שוין מלכה פון רוים?'

# תורת־אי׳ש

א. אין אָנהייב

ב. אין גן־עדן

ג. חוה

ד. די שלאַנג

ה. אָדם און חוה עפענען די אויגן

ו. דעם אַפּ׳ס קללה

ח. קין׳ס געבורט

ז. אויף שטיינערדיקער ערד

ט. חוה פאַרוויגט קין׳ען

י. קין און הבל

יא. הבל דערשפירט דעם אמת׳ן גאָט

יב. אָדמ׳ס בנים שטעלן זיך פאַר גאָט

יג. קין הרג׳עט הבל׳ען

יד. און הבל ליגט אַ טויטער...

טו. חוה׳ס נקמה

טז. דער פאַרלוירענער גן־עדן

יז. אָדם פאָרמעסט זיך מיט דער חיה

יח. מתן תורת־אי׳ש

יט. אין שיין פון לאָגאָס

* וועגן אלישע בן־אבויה׳ס קאָנצעפּציע פון תורת־אי׳ש — זע אריינפיר, זז. 4—5—6.

**א. אין אָנהויב**

אין אָנהויב איז געווען: אַ רונדער קנויל פון פייער
געדרייט האָט זיך אין קרייזן — רונד און רונד אַרום.
אין חלל האָט געיערט אור-חומר, בעל-החיים —
אין מאַסע פּליסיקער — מגושמ׳דיק און שטום.
און סטאַדעס אור-ווינטן געטראַמפּלט האָבן תוהו,
מיט גריוועס שוימיקע צעפלאַשעט איבער רוים,
פון פרייד געווילדעוועט, געזעוועט און געוואָיעט
און — צעפּאַלאַשעטע — געשראָקן זיך פאַר צוים.
קיין ליכט איז נישט געווען און נישט געווען קיין חושך,
קיין אָטעם און קיין לופט, קיין ים און נישט קיין ערד.
אין נעפּלדיקער, בין-השמשות׳דיקער בלוי-שיין
האָט וועלט געבוירן וועלט און זיך אַליין צעשטערט.
אין רויען פירמאַמענט געשוואומען זיינען זאָמען,
געזוכט אַ מוטערטראַכט, באַהעפט זיך און צעשיידט.
און ס׳האָבן איינזאַמע, פאַר׳יתום׳טע אַטאָמען
צו מוטער-מאָלעקול געצויגן זיך מיט פרייד.

פון אָן-סוף ביז אין-סוף געיערט האָט קדמון-חומר,
דער יש-מאין-גוף, דער אורער, גאָרער אי ן,
געשטאַרט אין גאָרנישטניט, אין נעפּלדיקן דומם,
וואָס האָט געשוימט אַרום, ווי וויסער עלפנביין.
האָט איינמאָל חומר-גוף אַ שפּריץ-געטאָן מיט זרע,
אין בענקשאַפט אייביקער נאָך שלימות פון אחד, —
איז ער פון זיך אַליין געוואָרן מעוברת —
און חומר האָט געבוירן שכל, לאָגאָס — גאָט.
האָט שכל-לאָגאָס-גאָט אַרויסגעפּישט פון נעפּל
דריי אותיות ליכטיקע: די אלף, מם און תיו —
און ווי די רויע ליים אין פלינקע הענט פון טעפּער,
האָט ער געפורעמט זיי אויף פייער פון אין-סוף:

— „דו — אלף — שדי-אל, דו — גייסט פון אורן חסד,
דו — אהיה אשר אהיה — שטראַלנדיקער שם,
כ׳טו אָן דיר אויפן קאָפּ דעם דין און יושר כתר,
נאָר כ׳גיב אַ ברודער דיר — דעם שלויען סמך-מם.
דו — מם, ממשלת-תחתון, היציקער יופּיטער,
מיט דונער און מיט בליץ וועסט הערשן אין אין-סוף,
כ׳גיב איבער דיר די וועלט אין נישט-געצוימטער שליטה,
דער כתר-מלכות וועט דיין שכר זיין און דיין שטראָף.
דו — תיו — אַפּאָלאָ-פעב, דער אורגייסט פון תפארת,
דו — שיינקייט אייביקע פון שטראַלנדיקן לייב:
אין טראַכטן בתולה׳שע וועסט וואַרפן זיסע זרע —
און בענקען וועט נאָך דיר אין פרייד און פּיין דאָס ווייב.״ —

און וואוילגעפעלן איז די געטלעכע התחלה
דעם שכל-לאַגאַם-גייסט, דעם אורן אַנטיפּאַד —
האָט אויסגעפורעמט ער אין זיין געשטאַלט: אַפּאָלאָ,
יופּיטער, שדי — אי״ש, אַ דריילינג-ברידער-גאָט.
נאָר לאַגאַם האָט דערזען, אַז באַלד נאָכן געבוירן
האָט אי״ש פאַרפירט אַ קריג, באַדראָט די ברודערשאַפט:
געוואָלט האָט יעדער זיין דער איינציקער, דער יורש
פון שכל׳ס נצח-מאַכט, פון אור-גייסט פון באַשאַף.
אַז יעדער מאָנט פאַר זיך די געטלעכע, די בכורה
צו הערשן איבער תוהו׳ס בלויער לייִדיקייט, —
האָט לאַגאַם זייער מאַכט געצוימט אויף דורי-דורות
און אָפּגעשטעלט מיט וואָרט מיט געטלעכן דעם שטרייט:
— „איך בלאָז אַריין אין אייך דעם רוח-חיים — אמת,
דעם אורגייסט פון דעם ליבּ, פון אָדלער און פון טויב —
צוזאַמען זייט איר "אי״ש" — לעולם, לקימת,
באַזונדער זענט איר אַ י ן — שטערנדיקער שטויב.״ —

אַזוי איז דריי-גאָט אי״ש, דער האַר פון וועלט געוואָרן
פון אותיות ליכטיקע — פון אַלף מם און תיו.
פון בלויער חסד-שיין, פון שיינקייט און פון צאָרן
ער טראָגט אַ שטראַלן-קרוין אין היכל פון אין-סוף.
און אַז דערפילט האָט אי״ש דעם ערשטן זיסן פלאַטער
פון כוח געטלעכן, ווי יווירנדיקן וויין,
האָט ער אַ קלאַפּ-געטאָן אַן אַטאָם אָן אַן אַטאָם —
און ס׳האָט אַ פלייץ-געטאָן מיט בראשית׳דיקער שיין.
האָט אי״ש דערזען: ס׳איז גוט! די רוימען ווערן לויטער —
און ס׳קאָן דאָ אויסוואַקסן אַ היפּשע, פיינע וועלט,
האָט ער די וואַסערן צעטרייסלט און צעבויטעט
און אָפּגעטיילט פון זיי דאָס הימלישע געצעלט.

דערנאָך האָט האַסטיק ער מיט דונער-שטים באַפוילן
די כוואַליעס צוימען זיך, ווי נאַראָווויסטע פערד.
האָט ים אַ וואָרף-געטאָן זיך לעקן זיינע זוילן —
און ס׳האָט זיך אויסגעשיילט אַ גרויער פעלדז — די ערד.
נאָר טרויעריק געבענקט האָט הימל׳ס בלויער בעכער
נאָך אָפּגעטיילטער ערד אין ברידערלעכער פּיין —
און בליקן שפּיציקע, ווי שטיינערנע געמעכער
געשיקט האָט ווייטע ערד אין לייִדיקייט אַריין.
האָט אי״ש אַ בלאָז-געטאָן, האָט ערד אַרום די אַקסן
אין ריקוד זיך געלאָזט אין גאַפנדיקן רוים.
האָט ער זי איינגעצוימט און איר באַפוילן: וואַקסן! —
האָט רוי-ערד זיך באַדעקט מיט פלאַנץ און גראָז און בוים.

האָט אי״ש זיך אומגעקוקט : ס׳ווערט וועלט טאַקע אין ווערן —
איז וואוילגעפעלן אים זיין שאַפערישע מאַכט,
האָט אויסגעקאָוועט ער לבנה, זון און שטערן
און זייער וואַך צעשטעלט צעווישן טאָג און נאַכט.
און ווען ס׳האָט יונגע ערד מיט עופות און מיט חיות
גענומען ווידמען זיך מיט פייגל און מיט פיש, —
איז אי״ש געבליבן שטיין, אין זיך אַליין פאַרטאַיעט,
מיט וואָלקן פוכיקן דעם שטערן זיך געווישט.

און ס׳פאַלט אים פלוצים איין : מע דאַרף עפּעס באַשאַפן,
ס׳זאָל אַנדערש זיין פון זון, פון וואַסער און פון בוים.
האָט ער אַ שפּילצייגל — אַ קליין און האָריק אַפּל
בצלם-דמות של אי״ש זיך אויסגעקלעפּט פון ליים.
ס׳האָט לאַנג געמייסטערוועט אי״ש יעדן גיד און אבר,
געקנאָטן שטיקער ליים, אין פייער זיי געברענט —
און אויסגעפורעמט אים — אַ זכר און נקבה —
און ס׳האָט אים זיין באַשאַף מיט ליכטיקייט פאַרבלענדט.

קוקט אי״ש אויף זיין באַשאַף : אַט-ערשט בלויז ליים און בלאָטע,
נאָר ס׳קאָן דעם אַפּל׳ס גוף מיט לעבן זיין געבענטשט :
מע דאַרף אַריינבלאָזן אַ לעבעדיקן אָטעם
אין זיינע נאָזלעכער — און ווערן וועט עס מענטש.
און זיין, וועט זיין דער מענטש זיין שאַפער אונטערטעניק
און אייביק שטראַלן זיך אין ליכט פון זיין גענאָד...
און טאָמער שטייט ער אויף—און ווערט אים ווידערשפעניק?...
און טאָמער וואַגט דער מענטש און ווערט אַליין אַ גאָט ?...
און ס׳טוט אים דער געדאַנק אַ ברי מיט הייסן צאָרן.
ער קוקט מיט ווידערוויל אויף בליענדיקער ערד.
און גרויזאַם הויבט ער אויף זיין פייערדיקן אָרעם,
געגרייט אַ שטרעק-טאָן אים אויף אומקום און צעשטער.

און ווי ער קוקט אַזוי, ווי ס׳דרייט זיך אויף די אַקסן
די ווידמענדיקע ערד אין וואונדער פון באַשאַף, —
ער זעט : אויף גרינער פלאַך איז פלוצים אויסגעוואַקסן
אַ גרויסער, האָריקער, מגושם׳דיקער אַף.
און ס׳וועקן זיך ביי אי״ש זכרונות נישט-געאַנטע —
און ס׳בלייבט אין חלל שטיין זיין אָרעם אויסגעשטרעקט.
און ס׳בייזערט זיך זיין שטים :—„ווער ביזטו, אומבאַקאַנטער
וואָס וואַגסט זיך שטעלן מיר, דעם נצח-אי״ש, אין וועג ? —
הויבט-אויף דער גרויסער אַף זיין קאָפּ צום חלל בלויען
און רעדט הכנעה׳דיק : — „אַ, גרויסער גאָט, מיין האַר,
מיר זיינען ברידער צוויי — די זין פון מוטער תוהו,
נאָר דו האָסט, אי״ש, ביי מיר די בכורה אויסגענאַרט.

— „דערזעלבער חומר האָט אַ צווילינג אונדז געבוירן
פון זעלבער מוטער־טראַכט, אין טיפן פון אין־סוף.
האָט עמיץ ביים געבורט פאַרביטן אונדזער גורל:
דיך, ברודער, רופט מען אי'ש, און מיך? מיך רופט מען קוף. 1)
כ'האָב קיינמאָל, ברודער, נישט פאַרגעסן דעם פאַראיבל,
איך האָב יאָרטויזנטער געוואַרט אויף אָט־דער שעה:
נעם זיך די גאַנצע וועלט — און מיר די ערד לאָז איבער —
דיין קיניגרייך איז דאָרט, מיין קיניגרייך איז דאָ.
און טו דיין חסד מיר, פון אַלע וועלטן פאָטער,
אָט ליגט דאָס אַפּל דאָ באַוועגלאָז, ליימיק, שווער —
דו בלאָז־אַריין אין אים אַ לעבעדיקן אָטעם,
וועט ער מיר זיין אַ פריינט, אַ חבר אויף דער ערד.״ —

און ס'ענטפערט אי'ש דעם קוף: — „ביים ליכטיקן געבערן
האָט מוטער־תוהו אונדז געשאָנקען גלייכע קראַפט:
נאָר דיך האָט זי געבענטשט מיט כוח פון צעשטערן,
און מיך האָט זי געבענטשט מיט כוח פון באַשאַף.
און מיך האָט זי געקרוינט צו ווערן עתיק־יומין
צו משפט'ן מיט דין, צו שענקען פרייד און טרייסט,
און דיך פאַרשאָלטן האָט — דיין כוח אייביק צוימען,
ווייל ווי אַ חיה, איז דיין שטער־קראַפט: ליסטיק, בייז.
און מיר האָט זי געשענקט דעם נאָמען יש־מאין,
און דיר האָט זי געשענקט דעם נאָמען סמך־מם.
איך וויל מיט דיר קיין קריג — דו האָסט געוואונען, חיה:
איך טרעט דיר, ברודער, אָפּ... דו ווילסט דעם קיילעך — נעם!
איך גיב אים דיר ביז סוף פון אלף פון השישי,
אויף זעקס יאָרטויזנטער איך גיב דיר אָפּ די ערד,
מיט אַלע חיות דאָ, מיט עופות און מיט פישן,
מיט אַלע ווידמונגען, מיט אַלץ, וואָס זי געבערט.

— „אין פרידן און אין קריג, אין זונשיין און געוויטער
אויף גורל פון דעם מענטש, אויף יעדן פאָלק און שפּראַך,
אויף אַלץ, מיין ברודער־אַף, וועסטו דאָ האָבן שליטה —
און קיינער וועט מיט דיר נישט טיילן דאָ די מאַכט.
און גרויזאַם זיין וועט אָדם'ס טרויעריקער גורל:
פאַרוואָרלאָזט, נע־ונד, מיט וואַנדערשטאָק אין האַנט,
וועט ער אַרומוואַגלען ביז סוף פון אַלע דורות —
ס'וועט טאָג אים זיין אַ לייב, די נאַכט וועט זיין אַ שלאַנג.
ס'וועט הפקר זיין זיין לייב פאַר לעמפּערט און פאַר שפּאַרבער,
און בעטן וועט אויף זיך ער יעדן טאָג דעם טויט.
נאָר גרויזאַם איז מיין פלוך: ער וועט נישט קאָנען שטאַרבן —
אויף אייביק ר'איז געשמידט צום לעבן מיט אַ קייט.

1) קוף — אַ מאַלפּע.

— „און זיין וועט אָדם זיין צו דיר בלויז אונטערטעניק
און לעבן לויט דיין דין און היטן דיין געבאָט,
נאָר ווערן וועט זיין גייסט אין זוכן ווידערשפּעניק,
ווייל אייביק וועט ער בענקען נאָך זיין ווערן גאָט.
און שווער וועט זיין זיין עול און בלוטיק זיין ממשלה:
נישט וויסן וועט דער מענטש פאַר וועמעס זינד ער ליידט.
און ס׳לעבן וועט אים זיין אַ יאָמער און אַ קללה —
ביז וואַן עס וועט אין רוים דערפילט - ווערן די צייט.
און דאַן וועט אָנקומען דאָס קיניגרייך פון יושר
און מיט מיין גנאָד די ערד וועט ווידער זיין געבענטשט —
און אומברענגען וועט מענטש דעם גרויסן אַף, זיין מושל —
און מענטש וועט ווערן גאָט און גאָט וועט ווערן מענטש.
נאָר קיינמאָל וועט דער מענטש נישט קאָנען זיך באַפרייען
פון דיין ממשלה, אַף, פון דיר און דיין געבאָט,
ביז וואַן ער וועט פון זיך נישט אויסוואָרצלען די חיה,
ביז וואַן ער וועט דורך זיך פאַרמענטשלען חיה - גאָט.״ —

האָט אי׳ש אַ בלאָז - געטאָן אַ לעבעדיקן אָטעם
אין אַפל׳ס נאָזלעכער און אים געגעבן קראַפט —
און פון דער גרינער ערד איז אויפגעשטאַנען אָדם,
אַ חיה האָריקע אין קליין - געשטאַלט פון אַף.
און אָדם קוקט פאַרווירט מיט ברייט - צעפּראַלטע אויגן:
אָט זעט ער, דוכט זיך קלאָר אַ שטראַלנדיק געזיכט...
און אָט האָט דאָס געשטאַלט מיט נעפּלען זיך פאַרצויגן,
נאָר דורך דעם גרויען נעפּל ראַדיאירט מיט ליכט.
עס בלענדט די אויגן אים דאָס ליכט פון שם - הויה.
ער מאַכט די אויגן צו פון שטראַלנדיקן בלענד.
און ווען ער עפנט זיי, ער זעט פאַר זיך אַ חיה,
אַן אַף, אַ ריזיקן מיט האָריקע צוויי הענט.
און אָדם קוקט פאַרווירט. דאָס האַרץ איז פול מיט פּחדים:
—„ווער ביזטו, וואָס דו שפּאַנסט מיט טראָמפּלדיקן טראָט?״—
און ס׳ענטפערט אים דער אַף: — „איך וועל דיך רופן אָדם,
און דו, מיין קליינער קוף, דו וועסט מיך רופן: גאָט!״ —

און אי׳ש האָט זיך באַזעצט אין חשמל׳דיקע רוימען
און אָדמ׳ן געלאָזט אין ברודער קופ׳ם רשות.
און ס׳בענקט דאָס האַרץ פון מענטש צום פאָטער עתיק - יומין
און זוכט פון אייביק - אָן זיין שטראַלנדיקן דמות.
און ס׳ווייסט נישט מענטש דעם סוד, אַז אי׳ש איז זיין סניגור,
אַז אייביק איבער אים ער וואַכט אין זיין גענאָד —
ביז אָדם וועט דערגרייכן ליכטיקע מדריגה
און ווערן איש — דער מענטש אין דריי - געשטאַלט פון גאָט.

## ב. אין גן־עדן

האָט אַף פּאַר אָדמ׳ן צעאַקערט אַ גן־עדן,
מיט בלומען אים פאַרפּלאַנצט און מיט כל־טוב פּאַרזייט.
און אָדם האָט געלעבט אין נחת און אין פריידן —
איעדער טאָג־און־נאַכט — אַ זינגעוודיקע פלייט.
ס׳איז גרויסער מאַלפּע־גאָט געקראָכן איבער צווייגן,
געטרייסלט בוים־שפּיצן מיט האָריק־קרומע פּיס,
געקאָרמעט אָדמ׳ן מיט טייטלען און מיט פייגן,
מיט זיסע באָקסערן, מיט יאָדערדיקע ניס.
ס׳האָט אָדם זיך געפילט ווי צוגעשמידט צום נאָפּל
פון גרויסער חיה־גאָט — אַ צווייג פון יוסטן שטאָם.
זיי האָבן אויסגעזען, ווי צוויי צעהאַלבטע טראָפּנס,
פון זעלבן איינגעצוימטן, בלויען תהו־ים.
געווען איז חיה־גאָט געווען איז — אָדם־חיה,
צוויי אַפּן האָריקע — מיט שאַרפן חוש צום שפּיר.
האָט אָדם נאָכגעקרימט די מאַלפּישע העויות,
און, פּונקט ווי פאָטער־אַף, געשפּאַנט אויף אַלע פיר.
אין צוויי־געשטאַלטיקייט פון זכר און נקבה
געווען איז אָדמ׳ס גוף געפּענטעט און געשמידט —
און נישט געקענט האָט ער דעם קאָפּ צום הימל הייבן,
פון ערד געקנאָטענער, ער — אַף־הערמאַפראָדיט.
ווען אָדם האָט דערזען צום ערשטן מאָל זיין שאָטן
אים גיריק נאָכלויפן אויף זון־באַשטראַלטער ערד,
האָט ער זיך יאָמערלעך צעוויינט, גערופן: — „פאָטער,
האָסטו אַ צווייטן אַף — אַ ברודער מיר באַשערט?“ —
האָט מאַלפּע אים געטרייסט: — „דאָס איז דיין איך, דער צווייטער,
וואָס אייביק לאָקערן וועט ער נאָך דיינע טריט,
ער וועט דיך אומעטום אין העלן טאָג באַגלייטן —
און בלויז אַ מת — ער האָט קיין שאָטן ניט.“ —
ווען אָדם האָט דערזען, ווי זון האָט זיך געלאָשן
און ס׳האָט פאַרשלונגען חושך יעדן בוים און שטיין, —
איז ער געבליבן שטיין געפּענטעט, ווי אַן לשון,
געטוליעט זיך צום אַף און יאָמערלעך געוויינט.
האָט אַף זיך צוגעהערט צו אָדמ׳ס שטילן העשן
און אים געשיקט אַ טרייסט, ווי פרישער פרילינג־שפּראַי:
— „ס׳וועט יעדן אויפדערנאַכט זיך זון אין מעריב לעשן,
נאָר אויפגיין יעדן טאָג אין מזרח אויפדאָסניי.“ —
האָט ליב באַקומען אַף פּאַר אַלע זיינע מעשים
דאָס אַפּל־אָדמ׳ן — די קרוין פון אי׳ש׳ם באַשאַף,
האָט ער מיט אים אַ בונד — אויף קיינמאָל נישט צערייסן —
פאַרשניטן אויף דער ערד — אַ בונד פון חבר׳שאַפט.

האָט אַף צונויפגעבראַכט פון ערד׳ס פון אַלע ברעגן
די חיות און די פיש — פון לעמפערט ביז אַ שפין —
און אָדמ׳ן געזאָגט: — „דאָ האָסטו דיין פאַרמעגן,
דו גיב אַ נאָמען זיי — איעדן לויט זיין מין.
איך גיב זיי איבער דיר אין אייביקער ממשלה,
זאָלסט זיין צו זיי אַ ווירט, אַ חבר און אַ פריינט,
זאָל הערשן צווישן אייך צופרינדקייט און שלום
אויף דורות אייביקע, אויף אַלעמאָל — ווי היינט.

— „פון יעדן בוים די פרוכט מעגסט, אָדם, דאָ געניסן,
פאַר דיר איז זייער בלי, די זאַפט פון זייער סאָק,
נאָר וואָג נישט אָנרירן דעם רייפן בוים פון וויסן:
קוים עסטו פון זיין פרוכט, דאַן שטאַרבסטו יענעם טאָג!״
האָט אָדם אַלץ געטאָן, ווי אַף האָט אים באַפוילן
און נעמען איינגעטיילט דעם העלפאַנט און דער טויב.
און ס׳האָבן לעמפערטן געלעקט ביי אים די זוילן,
און צו זיין בוזעם האָט געטוליעט זיך דער לייב.
און אָדם האָט געלעבט אין שוים פון פאָטער־חיה,
און ריין ז׳געווען זיין האַרץ פון קנאָה און פון האַס,
נאָר נישט פאַרזוכט האָט ער פון גרינעם עץ־החיים,
נישט אָנגערירט די פרוכט פון רייפן עץ־הדעת.

ג. חוה
אין שקיעות בלוטיקע געשטאָרבן זיינען זונען,
נאָר אויפגעגאַן איז זון איעדן אינדערפרי.
ביז איינמאָל האָט די זון אַף־אָדמ׳ן געפונען
פאַרזונקען טיף אין שלאָף ביים פאָטער אויף די קני.
מיט ישטיין מיט שפּיציקן געשטאַנען איז די מאַלפּע,
פון אָדמ׳ס ריפּ און לענד געריסן שטיקער לייב,
און פון די שטיקער לייב געפורעמט און געשטאַלטיקט
אַ פרוי — אַן אַפּיכע — אַ בליענדיקע ווייב.
געלעגן ז׳אָדם שטיל און נישט באַוועגט קיין אבר,
אַ שטאָם אַ נאַקעטער אין בלענדיקן צעבלי.
האָט מאַלפּע אָפּגעטיילט דעם זכר פון נקבה
און קונציק אויסגעשניצט פון אָדמ׳ס דיך אַ זי.

אַ גאַנצן לאַנגן טאָג האָט אַף אַזוי געהאַוועט,
געטעסעט און געטאַקט איעדן מינדסטן גליד —
און אויסגעוואָקסן איז פאַר אים אַ בלאָנדע חוה —
אין רייצנדיקער פראַכט אַן אויסגעפורעמט ליד.
ווען אַף האָט זי דערזען אין אַלע אירע פּראַכטן
מיט וויסן שוואַנען־האַלדז, מיט מירמלדיקער ברוסט,
האָט אין זיין חיה׳שן אין האַרצן אין דערוואַכטן
אַ ברי, ווי קראַפּיווע, געטאָן די הייסע לוסט.

האָט ער אַ שטרעק געטאָן צוויי האָריקע ידים,
צו זיך אַ צי־געטאָן דאָס רייצנדיקע ווייב —
און ס׳האָט די ערשטע לוסט פון אויפגעוואַכטער חיה
באַצוואונגען חוה׳ס יונג און ליכטיק מיידל־לייב.
און ס׳האָט דער גרויסער אַף די גלוסטיקע באַגערן
מיט חוה׳ס זיסן לייב געשטילט אַ גאַנצע נאַכט —
און ס׳האָט די מאַלפּישע די טריפנדיקע זרע,
ווי זומער־שפּריי, באַפרוכפּערט חוה׳ס טראַכט.
פאַרטאָג האָט מאַלפּע־גאָט דערזען וואָס ס׳איז געשען דאָ:
ס׳קרעכצט אָדם שטיל פון שלאָף — אַ בלוטנדיקער קאַלב,
און חוה ליגט לעם אים — אַ מידע, אַ געשענדטע —
און ס׳איז דער גרויסער אַף אַוועק אין ווילדן וואַלד.

ווען אָדם האָט פאַרטאָג דערוואַכט פון שלאָף פון טיפן,
האָט ער לעם זיך דערשפּירט אַ פרעמד און וואַרעם לייב.
האָט ער אין ערשטער שרעק דעם גרויסן אַף גערופן —
און ס׳האָט געענטפערט אים די אַפּיכע — זיין ווייב.
האָט אָדם ברייט צעפּראַלט די אויגן אין פאַרוואונדער,
דערזען ווי חוה ליגט אין בליענדיקן בלענד,
זי קוקט אים פריידיק אָן און רירט די הייסע וואונדן
מיט ווייסע, צאַרטע, קילע, מאַמעדיקע הענט.

האָט ער און זי באַשמעקט, באַלעקט זיך, ווי די מאַלפּעס,
און זיך אַוועקגעלאָזט אין פריידיקן געדריי...
און ז׳האָבן אויסגעזען, ווי שאָלעכצער צעהאַלבטע
פון איין און זעלבן נוס, צעשפּאָלטענע אויף צוויי.
און אָדם האָט דעפילט, ווי נייער כח ריזלט
און ס׳בלוט אין אָדערן, ווי הייסע בראַגע, פליסט, —
האָט ער מיט שטומען בליק דעם הימל דורכגעשפּיזלט
און זיך אַ שטעל־געטאָן אויף הינטערשטע צוויי פיס.
און ס׳איז געבליבן שטיין אויף הינטערשטע רגלים
אַ דראָענדיקער אָדם, אָנגעשפּאַרט אָן גרונט...
זינט דאַן איז גרויסער פאָטער־אַף פאַרבליבן חיה
און ס׳איז געוואָרן מענטש דער קליינער אַף — זיין זון.

ווען ס׳איז אַ יונגע זון אין בלויקייט פון לאַזורן
אַרויסגעפאָרן העל אין גילדערנעם געשפּאַן,
האָט אָדם לאַנג געזוכט פון מאַלפּע־גאָט די שפּורן,
און ס׳איז מיט שרעק אין בליק אים חוה נאָכגעגאַ׳ן.
ווען צוגעפאַלן איז די קאַלטע נאַכט פון תהו
מיט פליגלען פינצטערע — אַ גרויסע שוואַרצע קראָ, —
איז אָדם חיה׳ש־ווילד פאַרגאַ׳ן זיך אין אַ וואָיען —
און ס׳האָט געענטפערט גאָט פון חושך: — „איך בין דאָ!“

## ד. די שלאַנג

און קליגער איז געווען די שלאַנג פון אַלע חיות,
געפּויזעט צווישן גראָז מיט גיפטיק־קלוגן שמוך,
געברענט זיך אין דער זון אויף זאַמדיקע לישאַיעס
און אַלץ אַרומגעשמעקט, גענישטערט און געזוכט.
און אָט זי זעט: עס שפּאַנט מיט חוה׳ן מוטער־נאַקעט
דער יונגער אָדם שטאַלץ אויף הינטערשטע צוויי פיס,
און נישט ער זוכט און גלעט איר פּראַכט מיט האַנט געוואַגטער
און נישט ער פּאַלט מיט לוסט צו אירע ווייסע בריסט.
פּאַרדריסט עס שטאַרק דער שלאַנג: למאי איז ער אַ גולם?
למאי געשלאָגן איז דער מענטש מיט בלינדזיקייט?
צי זעט ער, אָדם, נישט ווי חוה׳ס לייב דאָס הוילע —
אַ בלום — נאָך מאַרגנטוי — נאָך ליבע גאַרט און שרייט?
ס׳איז עפּעס דאָ ניט גלאַט. זי ציט זיך אויס אין אויר
און קריכט אין איילעניש אַראָפּ פון מיטן וועג:
מע דאַרף אַ שמועס־טאָן מיט אָט־דער בלאָנדער חוה׳ן,
מע דאַרף איר אָנווייזן אויף איר פּאַרמעג...—

און ווי די שלאַנג פּאַרנעמט זיך אויף אַ זייטיק שטעגל
און ס׳גלאַנצט איר גרינער שופּ אויף בליענדיקער ערד,
קומט חוה פּלוצים אָן איר טרויעריק אַנטקעגן
מיט קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, אין אויגן זידט אַ טרער.
קריכט לאַנזאַם שלאַנג פּאַראויס, רופט חוה׳ן ביי איר נאָמען,
און ווערטער פון איר מויל, ווי האָניק, טריפן זיס:
— „איך ווייס: דיין יונגלייב גאַרט נאָך זעטנדיקע זאָמען
און ס׳לעכצן נאָך באַריר די שטייפע דיינע בריסט.
עס האָט דער גרויסער אַף אין טאָג פון דיין געבוירן
דיין מיידליש לייב געשענדט, דיין האַרץ פּאַרקוילט מיט לוסט,
האָט פריידיק זיין פּאַרזיי אין האַרצן אויפגעווירן
און דו האָסט זיך דעם סוד פון תאוה־גלי דערוואוסט.

— „נאָר אָדמ׳ן האָט ער דעם אור־סוד פון יצירה,
דעם טיפן סוד פון לוסט, דער קמצן, נישט אַנטפּלעקט,
ווייל נישט געוואָלט האָט ער, אַז אָדם זאָל געבירן
און ירשנ׳ען די וועלט ביז סוף פון אַלע טעג.
דערפאַר האָט גרויסער אַף דערלויבט אים צו געניסן
פון אַלע פּרוכטביימער אויף יעדן קער־און־ווענד,
נאָר נישט זיך צורירן צום רייפן בוים פון וויסן
און אים געדראָעט דאָן מיט טויט און מיט פּאַרלענד.
אָפּט זע איך, ווי דו שפּאַנסט מיט אָדמ׳ן באַנאַנד דאָ:
דיין לייב איז קוואַלעדיק און בלענדיק איז און ווייס,
און ס׳גליט, ווי מדבר־זאַמד, אין תאוה׳דיקע בראַנדן —
און אָדם קוקט און שווייגט און ס׳האַרץ איז קאַלט, ווי אייז.

— „און אַפּטמאָל דורך די נעכט, ווען אָדם שלאָפט פאַרטאַיעט,
און ס'וועקט זיך אין דיין בלוט דער ניט - געשטילטער קוואַל,
דו לאָזט אים ליגן שטאַר און לויפסט צו'ר גרויסע חיה
אין ווילדן, פינצטערן און לאַקנדיקן וואַלד.
און דאָרט אויף פייכטן בעט פון נאַכטיק - קאַלטע גראָזן
אין לאַפּעס מאַלפּישע — מיט פלאַמענדיקער ברוסט,
מיט אויגן גליאיקע, מיט בלאָנדע האָר צעלאָזן —
דו קאָרטשעסט זיך אין פיין פון אויפגעצוימטער לוסט.
פאַרטאָג קומסטו צוריק און לייגסט זיך דאָ אַנידער —
אַ פולער לאָגל שווער — ביי אָדמ'ס קאַלטע פיס —
און ס'זינגט די זעטיקייט אין בלוט ביי דיר, ווי לידער,
און ביז די זון גייט - אויף — דיין חלום איז דיר זיס.

— „ווי לאַנג וועסטו אין פיין די לוסטן דיינע צוימען?
ווי לאַנג קאָן אָדם בלייבן שטום און קאַלט און בלינד?
עס יערט שוין אין דיין לייב דער חיה'ס ווילדע זוימען —
און רייף איז, רייף דיין טראַכט געבוירן שוין אַ קינד.
גלויב, חוה, כ'בין דיין פריינט! איך האָב שוין לאַנג פאַרשטאַנען
דיין זיסע בענקעניש, דיין ווייטיקדיקן צער,
איך זע: דו בליסט אומזיסט — דיין שיינקייט וויאַנעט.
נאָר קאָנסט צעשמעלצן, חוה, אָדמ'ס אייזיק האַרץ.
צי זעסטו נישט: דער אַף אַ שווערער איז, אַן אַלטער,
מיט קאַלטענעם אין באָרד, מגושמ'דיק און מיאוס.
און אָדם איז אַ יונג — אַ שיינער און אַ שטאַלטנער,
מיט לאָקן קופער - רויט, מיט בויגיק - שלאַנקע פיס.

— „עס האָט דיר פאָטער - אַף אַ גרויסע קראַפט געשאָנקען,
די ווילדע קראַפט פון לוסט, פון ליבע און עקסטאַז, —
גענוג דיר דורך די נעכט אין ווילדן וואַלד צו בלאָנקען...
דאָ האָסטו עפּל צוויי פון רייפן עץ - הדעת.
עס איינעם אויף אַליין, גיב אָדמ'ן דעם צווייטן
און קוק זיך צו און שטוין, מיט אויג און אויער וואַך:
פון אָדמ'ס אויגן פאַלט די בלינדזיקייט, ווי קייטן,
און זען וועט ער, דערזען דיין בליענדיקע פראַכט.
און קוים וועט שוין זיין אויג פאַרכאַפּט ווערן אין פאַסטקע
פון דיין צעבליטן לייב אין רייצנדיקן בלענד,
צעגלי, פאַרברען זיין האַרץ מיט דיינע הייסע לאַסקעס,
פאַר'כישוף אים אין פלען פון דיינע ווייסע הענט.
וועט זים אייך זיין די פרייד, ווי זיסע פרילינג - שפּרייען,
פון אויפגעצוימטער לוסט דער שוימענדיקער קוואַל...
און וואַרטן וועט אומזיסט אויף דיר די גרויסע חיה
אין ווילדן, פינצטערן און לאַקנדיקן וואַלד." —

## ה. אָדם און חוה עפֿענען די אויגן

האָט חוה אויסגעהערט דעם נחש'ס קלוגע ווערטער:
ס'איז יעדער וואָרט געווען אַ ליכטיקס, אַ געגאַרטס,
געשראָקן און געלאָקט, געשמיסן און געצערטלט
מיט ווייטיק און מיט פֿרייד איר אויפֿגעשטורעמט האַרץ.
האָט אויסגעצויגן שלאַנג איר בויגיק, ליסטיק קעפּל,
און ס'האָט איר גרינער בליק פֿאַר'כישופֿט און פֿאַרבלענדט.
און רויטע, דופּטיקע, צוויי בליענדיקע עפּל
האָט זי אַרייַנגעלייגט אין חוה'ס ווייסע הענט.

און דאָ אין איילעניש איז אָדם אָנגעקומען,
דערזען ווי חוה בייסט די זאַפֿטיק-רויטע פֿרוכט,
האָט ער פֿון אירע הענט אָן עפּל אויך גענומען,
באַקוקט אים און באַשמעקט און אויף די ציין פֿאַרזוכט.
און ווי ער בייסט זיך איין אין עפּל זאַפֿטיק-רויטן,
און ס'רינט דער סאָק אַראָפּ צום לעכצנדיקן האַלדז,
דערשפּירט ער, ווי פֿון אויג זיך שיילן הויטן, הויטן —
און גרויע בלינדזיקייט, ווי שוואַרצער שלייער, פֿאַלט.
און אָדם שפּירט: עס בליצט אַ ליכט אין זיין געהירן —
און יעדער בליץ פֿון ליכט אַ צווייטן בליץ געבערט:
עס עפֿנט זיך אין אים דער אורקוואַל פֿון יצירה —
און ס'צינדט זיך אָן אין בלוט אַ פֿלאַמיקער באַגער.
און ער דערזעט: עס שטייט פֿאַר אים אַנאַנדער חוה,
עס בלענדן, ווי די זון, די ניפּלען פֿון איר ברוסט.
און ס'בלוט אין אָדערן צעריזלט זיך, ווי לאַווע,
און ס'צינדט זיך אין זיין מאַרך אַ שייטערדיקע לוסט.
אָט ליגט ער שוין מיט איר אויף זון-געקושטע טאָרפֿן —
און ס'גליט און לאָקט און בריט איר היים און זאַפֿטיק לייב.
האָט ער אין ערשטער לוסט אויף חוה'ן זיך געוואָרפֿן —
און אָדם האָט דערקענט זיין אַפּיכע — זיין ווייב.

אַ גאַנצן טאָג און נאַכט האָט אָדם זיך געטישעט
מיט חוה'ס זאַפֿטיק לייב אין פֿריידיקן עקסטאַז.
און ליסטיק האָט די שלאַנג געכיכעט און געצישעט
אין בלעטערדיקן רויש פֿון רייפֿן עץ-הדעת.
פֿאַרטאָג האָט מענטש צעפּראַלט די אויגן אַ געפּלעטער,
דערזען ווי חוה שלאָפֿט אין בליענדיקער טראַכט.
האָט ער איר נאַקעט לייב פֿאַרדעקט מיט פֿייגנבלעטער
און אויסגעצויגן זיך לעם איר אויף שטומער וואַך.
געקוקט האָט אָדם לאַנג מיט בליק מיט בלייאיק-שווערן
אין שיינענדיקן וועג פֿון שטערנדיקן ליכט —
און מיטאַמאָל ער זעט: פֿון פֿליסנדיקע שטערן
עס קוקט-אַראָפּ אויף אים אַ לאַנג-באַקאַנט געזיכט.

האָט אָדם זיך דערמאָנט: ווען ער איז אויפגעשטאַנען
אין ערשטן טאָג פון זיין פון רויער מאַמע-ערד,
האָט ער אַזאַ געזיכט, פאַרצויגן מיט טומאַנען,
דערזען פאַר זיך אין רוים, צעווישן וואָלקן-בערג.
און ס׳האָט אין אָדמ׳ס האַרץ געוועקט זיך העלער גלויבן,
מיט טעם פון ערשטער זינד — אַ פריידיקער געמיש.
מיט קאַלטן שטערן-ליכט האָט נאָכגעשפּירט פון אויבן
דאָס שטראַליקע געזיכט פון ניט-געאָנטן אי׳ש.

## ז. דעם אַפּ׳ס קללה

ביים טאָג ער הערט: דער אַף שפּאַנט צווישן ביימער
אין קילקייט פון דעם טאָג מיט טראַמפּלדיקן טראָט,
האָט אָדם מיט זיין ווייב אין ציטערדיקער אימה
אין צווייגיקן געפלעכט באַהאַלטן זיך פאַר גאָט.
האָט מאַלפע-גאָט געפרעגט: „וואו ביזטו, אָדם, דאָרטן?״ —
און ס׳האָט זיין קול געברומט מיט דראַאונג און מיט גיר.
און אָדם ענטפערט: — „כ׳הער, דו שפּאַנסט אין גאָרטן,
האָב איך זיך, פאָטער-אַף, באַהאַלטן דאָ פאַר דיר.
ווייל נאַקעט בין איך, גאָט, און אויך מיין ווייב איז נאַקעט.
ווי קען איך ווייזן זיך פאַר דיר אין הויל-און-בלויז?״ —
האָט גרויסע מאַלפע-גאָט די אויגן אויסטאַראַקעט,
און אָנפגעהילכט זיין קול האָט הייזעריק און בייז:

— „פונוואַנען ווייסטו, מענטש, אַז הויל ביזטו און חוה?
האָט איר פון עץ-הדעת פאַרזוכט די רייפע פרוכט?
זאָל פאַלן אויף דיין קאָפּ, ווי טריפענדיקע לאַווע,
אין שטראָף אין גרויזאַמער מיין צאָרנדיקער פלוך!
די ערד, וואָס טרעטסט אויף איר, זאָל דיר פאַרשאָלטן ווערן
און שפּראָצן זאָל זי דיר מיט דערנער און מיט שטיין,
דורך פּיין און מאַטערניש, דורך שווייס זאָל זי דיך נערן,
אַז זאָלסט דערהאַלטן קוים דיין זינדיקן געביין.״ —
אין אויפגעשוימטן כעס, אין צאָרנדיקן שטורעם
מיט לאַפּעס האָריקע געטופּעט האָט דער אַף:
— „און, חוה, דיר וועל איך פאַרמערן די יסורים:
געבוירן וועסטו שווער — און אייביק זיין פאַרשקלאַפט!״ —

און צו דער שלאַנג: —„דערפאַר, וואָס אָנגערעדט האָסט חוה׳ן
צו עסן רייפע פרוכט פון קלוגן עץ-הדעת,
וועסט קריכן אויף דיין בויך און שטויבן און אין גאַווער,
און אַלץ, וואָס לעבט, וועט דיך באַגעגענען מיט האַס.״ —
האָט אַף אַ הויב-געטאָן אויף אָדמ׳ן זיין לאַפּע,
גרייט צו פאַרטיליקן ביז לעצטן איבערבלייב.
האָט חוה זיך פון פּיין צעשריען און פאַרצאַפּלט
און אָדמ׳ן פאַרדעקט מיט בליענדיקן לייב.

זאָגט אַף: — „כ׳האָב, מענטש געוואָלט פון לאַגוויל שיצן,
האָב איך געשאָנקען אים אַ חבר׳טע אין פרייד
נאָר ס׳איז געוואָרן פרוי — די אייביקע מחיצה
צווישן גאָט און מענטש — די טרעגערין פון טויט!" —

האָט אַף זיין אַלטן בונד מיט אָדמ׳ן צעריסן,
פון לעבן אייביקן מיט חוה׳ן אים באַרויבט,
אַז ביידע זאָלן זיי אין טאָג פון שווערער מיתה
צו ליים זיך אומקערן, צעפאַלן זיך אין שטויב.
און זיי אין בייזער שרעק פאַרטריבן פון גן־עדן
און דאָרט אַוועקגעשטעלט אַ שומר ביי דעם פלויט,
אַז ניט פאַרזוכן זאָל קיין איינער פון זיי ביידן
פון עץ־החיים׳ס פרוכט — און אויסמיידן דעם טויט.
האָט אָנגענומען מענטש די שטראָף פון בייזן דיין
און זיך אין וועג געלאָזט אויף אייגענעם באַראָט.
נאָר טיף אין אָדמ׳ס מאָרך געליכטיקט האָט אַ רעיון:
— „איך וועל זיך טרעפן נאָך מיט אומבאַקאַנטן גאָט."

ז. אויף שטיינערדיקער ערד
מיט זון אויף יונגן קאָפּ,מיט פרייד אויף הוילע אַקסלען
אַוועק איז אָדם שטאָלץ פון אַפּ׳ס אומזיסטע קעסט
אין וויסטן מדבר־לאַנד, וואו שוואַרצע דערנער וואַקסן,
אויף שטרעקעס זאַמדיקע זיך אויסגעבויט אַ נעסט.
ס׳האָט הייסער לעבנסדורשט אין בלוט ביי אים געפלאַקערט,
האָט ער געקאָרטשעוועט די דערנער ביזקל פרי.
די שטיינערדיקע ערד מיט הוילע הענט צעאַקערט —
און זים איז אים געוועז און בלוט און שוויים די מי.
געשטראָמט האָט לעבנסזאַפט אין הענט ביי זיי, ביי ביידן,
און ס׳האָבן הערצער זיך מיט ליבע־פרייד גענערט, —
האָט אָדם אויפגעבויט אין מדבר אַ גן־עדן,
אַ בליענדיקן טרוים אויף שטיינערדיקער ערד.

און ווען ס׳האָט אַף דערזען: עס צוימט דער מענטש די טבע,
מיט בלוט און שווייסן בויט אַ לעבן אין דער וויסט, —
האָט ער אין ווילדן וואַלד פון גרימצאָרן געוועוועט,
געריסן בוים און שטאַם, געטראַמפּלט מיט די פיס.
אין ווילדן וואַלד האָט אַף אין טיפן צער געהאַוועט,
און ס׳האָט געהילכט דער וואַלד, ווי אונטער שאַרף פון העק.
געבענקט האָט בייזער אַף אין הייסער לוסט נאָך חוה׳ן,
און ס׳האָט די בענקשאַפט זים דאָס האַרץ ביי אים געלעקט.
און אָדם האָט געהערט דעם וואָי פון בייזן פאָטער
און ס׳האָט דער וואָי זיין האַרץ צעלעכערט, ווי אַ שפּיז,
געבענקט נאָך פאָטער־פרייד האָט אָדם אין חרטה,
נאָר צווישן זיי צו־טיף געוועזן איז שוין דער ריס.

### ח. קינ׳ס געבורט

בייטאָג. די זון זיפּט גאָלד אויף געלע סיפּקע זאַמדן.
פאַרטאַיעט חוה ליגט אין שאָטן פון אַ בוים.
עס ציען וואָלקנס זיך מיט גאָלד - באַזוימטע ראַנדן —
און ס׳שליסן אויגן זיך אין מידיקייט פון טרוים.
און אָדם שטייט אין פעלד און גראָבט די ערד מיט שטיינער.
און ס׳פּערלט זיך דער שווייס פון זון - פאַרברוינטן לייב.
אַ גאַנצע נאַכט האָט ער געהערט זיין חוה׳ן וויינען —
און איצטער וויטיקט אים דאָס האַרץ זיינס פאַרן ווייב.
די חמימה שניידט די לופט אין הייסע דיקע צויטן,
די זאַנגען זינגען ס׳ליד פון זומערדיקער זעט.
די בינען שפּינען גאָלד פון בלומען און פון קוויטן —
און חוה חלום׳ט וואַך אויף היים און זאַמדיק בעט.
און חוה זעט אין שלאָף: אין זומערדיקן האַלב - טאָג,
מיט לאַפּעס האָריקע פאַראַנקערט אויף אַ צווייג,
אויף בלעטערדיקן בוים העגנט גאָט — די גרויסע מאַלפּע
און וויגט זיך הין-און-צ׳ריק און קוקט אויף איר און שווייגט.
זי כאַפּט זיך אויף אין שרעק. דער שווייס פון שטערן טראָפּנט.
זי וויל זיך אויפהויבן, נאָר ס׳לייב איז צוגעשרויפט.
און מיטאַמאָל זי פילט: אַ וויטיק רייסט איר נאָפּל,
ווי ס׳וואָלט אין אינגעווייד געפּלאַצט ביי איר אַ רייף.
פון בלעטערנדיקן בוים זי זעט דעם אָף זיך בויגן —
און ס׳שמעקט פון אים מיט אור, מיט וואַלד און ווילד און רוי...
און חוה עפנט ברייט אין הוילער שרעק די אויגן —
און ס׳לעכערט - דורך די לופט איר וויטיקדיק געשריי.
ווען אָדם האָט דערהערט, ווי ס׳שרייט זיין ווייב פאַרצאַפּלט,
איז ער צו חוה׳ן צו — און איז געבליבן שטיין.
ער קוקט און גלויבט זיך נישט: אַ רויט און האָריק אָפּל
ביי חוה׳ס בלאַסע פיס פאַרגייט זיך אין געוויין.
און אָדם קוקט און שטוינט, ווי חוה ליגט פאַרטאַיעט
מיט גאָלדיק - בלאָנדע האָר צעשויבערט אויפן ווינט.
און לעבן איר ביים זייט שטייט גאָט — די גרויסע חיה
און לעקט דאָס פרישע בלוט פון ערשט - געבוירן קינד.

### ט. חוה פאַרוויגט קינ׳ען

פאַרנאַכט. די זון פאַרגייט אין צונטערדיקע פלאַמען.
פון פעלד אַהיים שפּאַנט מענטש מיט פלאַקערדיקער באָרד.
ביים וויגל חוה זינגט דאָס ערשטע ליד פון מאַמען
און וויגט — פאַרוויגט אין פּיין איר קינ׳ען — איר בכור:
— „די זון פאַרגייט אין בראַנד
און גליט — אַ קנויל אַ הייסער —
און ווילדן אורוואַלד שפּאַנט
אַרום אַן אָף אַ גרויסער.

— „פון אַנהויב פון באַשאַף
געוועלטיקט איבער מיר ער.
ס'איז יענער גרויסער אַף —
דיין פאָטער, דיין געבירער.
ווען אָדם ווייסט דערפון,
וואָלט ער, מיין שטאַלטנער גבור,
אי מיך, אי דיך, מיין זון,
אין ווילדן וואַלד פאַרטריבן.
שלאָף-איין, מיין קינד. מיין שוואַלב,
מיין זון, מיין קליינער קין,
עס ברומט, עס קומט פון וואַלד
די גרויסע, בייזע חיה.
עס דרימלען שוין די שאָף,
עס שווייגן שוין די בינען,
זאָל זים דיר זיין דיין שלאָף
ביז ליכטיקן באַגינען.

בלייבט אָדם שטיין פאַרגאַפט און הערט זיך צו צו חוה'ן,
קוקט לאַנג מיט טרער אין בליק אויף דרימלענדיקן בכור.
ער נעמט דאָס ווייב אַרום מיט שטאַרקע הענט שערשאַווע,
און ס'שפּילט אַ שמייכל ברייט אויף פלאַקערדיקער באָרד.

### י. קין און הבל

און ווידער האָט געגליט אין זייער בלוט דאָס פייער —
און ס'האָט מיט זרע-זעט זיך חוה'ס טראַכט געבענטשט.
און קין איז געווען דער זון פון גרויסער חיה,
און הבל איז דער זון פון אָדמ'ן — דעם מענטש.
און קין איז אין פעלד געוואַקסן ווילד, ווי פלעווע,
געריסן בוים און פניאַק, געלייגט זיי אין אַ שטאָס.
און שטיל איז, ווי אַ טויב, געווען זיין ברודער הבל,
געפּאַשעט שעפעלעך אויף ברעג פון טייכל פרת.
און אָדם קוקט מיט פרייד אויףביידע זיינע בנים:
זיי וואַקסן אָדלערס צוויי, וואָס גרייטן זיך צום פלי.
ער דאַנקט דעם גוטן גאָט פאַר ליכטיקער מתנה,
נאָר ס'האַרץ צו הבל'ען ציט, צום פאַסטעך פון די פי.

און איינמאָל קין איז אַרום אין פעלד באַגינען
אַ קוק-טאָן, ווי עס בליט גאָט'ס ליכטיקער באַשאַף.
און פלוצים קין זעט: עס שפּאַנט פון וואַלד פון גרינעס
אַ דיקער, ריזיקער, מגושמדיקער אַף.
פון שרעק געפּענטעט, שטייט, ניט רירט פון אָרט זיך קין
און וואַרט: וואָס וועט דאָ זיין מיט אים? און מיטאַמאָל
ער הערט, ווי ס'רעדט צו אים מגושמ'דיקע חיה
מיט שטיל און טרויעריק, מיט וואַרעם מענטשלעך קול:

— „דו ביזט נישט אָדמ׳ס זון, ביזט מיינער, מיינער...
דיין ברודער הבל — ער, בלויז ער איז אָדמ׳ס זון!״ —
און קין קוקט און זעט: דער חיה׳ס אויגן שיינען
מיט אומעטיקער פרייד, ווי ביי אַ בלודנעם הונט:
— „עס בענקט מיין האַרץ נאָך דיר אין ווילדן וואַלד פון תהו.
קום זון, אין פאָטער׳ס שוים...״ — פּילט קין, ווי עס ציט
זיין האַרץ צום אַף, נאָר ס׳שרעקט דער חיה׳ס זיסער טרויער—
און ער אַנטלויפט פון איר מיט פלינקע מאַלפּע-טריט.
זינט דאַן, ווען קין זעט, ווי הבל טוט באַדינען
זיין פאָטער אָדמ׳ן — און ווערט פון אים געבענטשט, —
צעפלאַקערט זיך ביי אים אַ בראַנד-פייער — די שנאָה:
פון קין — חיה׳ס זון — צו הבל — זון פון מענטש.

**יא. הבל דערשפּירט דעם אמת׳ן גאָט**

און אָדם הבל׳ען היט, ווי פון זיין אויג ס׳שוואַרצאַפּל,
און גייט אים נאָך פוסטריט און קעכלט אים און פלעגט.
און איינמאָל, ווען דעם יונג האָט חיה׳ס וואָי פאַרצאַפּלט,
האָט אָדם אים דעם סוד פון חיה-גאָט אַנטפּלעקט.
זינט דעמאָלט הבל ווערט אויף גאַנצע טעג פאַרפאַלן:
ער בלאָנקעט אום אין וואַלד און זוכט דער חיה׳ס טראָט.
און אָפט פאַרקוקט ער זיך אויף שפּיל פון זונען-שטראַלן
און ס׳עקבערט אַ געדאַנק:—„וואו איז דער וואָרער גאָט?״—
— „גאָט, דו — אַנהויב פון יצירה,
אייביק-לעבן, אייביק-זיין,
גאָט, דו — רואה ואינו נראה —
קום, אַנטפּלעק זיך צו מיר היינט!
כ׳בענק נאָך דיר. פון פריסטער יוגנט
איז מיין וועזן פול מיט דיר:
אין די זיסטע תענוגים
פיל איך שטענדיק דיין באַריר!״ —
און אָפט אונטער אַ בוים ליגט הבל שטיל פאַרטאַיעט
און הערט זיך צו, ווי ס׳רוישט דער מאַלפּע׳ס טראָט —
און ס׳פייניקט אַ געדאַנק: — ׳איז אָט-די ווילדע חיה
דער פאָטער פון דער וועלט, דער שאַפנדיקער גאָט?׳

— „וואו איז גאָט? וואָס איז זיין נאָמען?
ווי זעט אויס דער פאָטער-גאָט?
לויפט ער אום אין אַ געיאָמער
איבער וואַלד מיט טראָמפּלטראָט?
איז ער ווילד, ווי ברודער קין?
איז ער צאַרט, ווי חוה׳ס האַנט?
רעוועט ער, ווי ווילדע חיה,
איז זיין קול, ווי פויגל-זאַנג?״ —

און ס׳טוט, ווי קראַפּיווע, אין מאַרך אַ ברי דער רעיון,
און הבל טוט אַ פאַל אין ווייטיק צו דער ערד —
און ס׳רייסט זיך פון זיין האַלדז אַ שטיקענדיקער שרייען:
— „עס מוז אַ טעות זיין! נישט דאָס, נישט דאָס איז ער!״ —
און ס׳דוכט זיך אים: ער זעט אויף הימל׳ס בלויע מאַסטן
אַ שטראַלנדיק געזיכט פון אויסטערלישער שיין.
און דורך מזלות־גאַנג פאַרנעמט ער שטיל אַ בת־קול,
וואָס פליסטערט וואַרעם־מילד אין אויער אים אַריין:

— „נישט אין שטורעם און געפּילדער
נישט אין שווערן טראַמפּלטראַט,
נישט אין גרויזאַמקייט און ווילדער
קאָן דער מענטש דערקענען גאָט.
נישט פון ערד און נישט פון חומר,
נישט פון פלייש און נישט פון בלוט —
אין דעם שטילסטן רויש פון בוימער
גאָט — דער שטילער שומר — רוט.
נישט קיין מאַלפּע, נישט קיין חיה,
נישט קיין האַריק־בייזער אַף,
גאָט איז ערשטער יש־מאַין,
גאָט איז פאָטער פון באַשאַף.
— „אין אַ רגע פון פאַרגאַפונג,
זיך דערזעענדיק אין קוואַל,
האָט דעם מענטשן גאָט באַשאַפן,
לויט זיין ליכטיקן געשטאַלט.
גייט דער מענטש אויף אַלע וועגן,
זוכט זיין שאַפער, זוכט זיין גאָט,
וואָס אָט קומט ער אים אַנטקעגן,
אָט פאַרהוילט ער זיך אין סוד.
קומען וועט אַ טאָג אין פרידן,
פאַלן וועט דער לעצטער שטער:
וועלן גאָט און מענטש, ווי ברידער,
שפּאַנען פריידיק אויף דער ערד.״ —

און הבל קוקט זיך איין אין שיין פון מעטעאָרן
און זוכט אין שטערנשפּיל אַ ליכטיקן באַשייד.
און פּלוצים הויבט וואָס אָן אין מוח ביי אים קלאָרן,
ווי ס׳וואָלט ווער פון זיין אויג אַראָפּגעשיילט אַ הויט:
— „גאָט איז הייסער דאָרן־פלאַקער,
גאָט איז מדבר׳דיקער ווינט,
גאָט איז קול דממה דקה,
גאָט איז מילד און גאָט איז לינד.

— „גאָט איז פרייד און גאָט איז גלויבן,
ערשטער אָנהויב, לעצטער סוף.
גאָט איז מילכוועג׳ס מינדסטער שטויבל,
גאָט איז בלעקערץ פון דער שאָף.
גאָט איז פלייציקער געוויסער,
גאָט איז שרפ׳נדיקער פלאַם,
גאָט איז צווימענדיקער איסור,
גאָט איז אָפּהאַלט, גאָט איז צאַם.
גאָט איז קנאַלנדיקער דונער,
גאָט איז בלענדנדיקער בליץ —
גאָט איז דינסטער קרעכץ פון סטרונע,
גאָט איז ווינט אויף היגל־שפּיץ.
גאָט איז אור־פרייד פון שאַריען,
גאָט איז לעש פון אָוונט־שיין,
גאָט איז אהיה, גאָט איז יהיה,
גאָט איז הוה, גאָט איז ז יי ן.״ —

און הבל קוקט זיך איין אין הימל׳ס טיפע בלויען
און ס׳איז זיין האַרץ פאַרפול מיט זעליקייט און גנאָד.
און הויך אין רוים ער זעט אַ ליכטיקן חזיון:
עס ווינקט צו אים דאָס אויג פון שטראַלנדיקן גאָט.
ער ליגט אין הינערפלעט אין העשעדיקן כליפּן.
ווי פּערל, מילכוועג בלענדט אַרוים פון פינצטערניש:
—„אַנטפּלעק דיין שם!״—ער שלוכצט מיט ציטערדיקע ליפּן.
און ס׳הילכט פון טיפן רוים: — „עס איז מיין נאָמען אי״ש!״ —

ווען הבל קומט אַהיים, באַדעקט מיט מאָרגן־שפּראַיען,
און שטרעקט די איברים אוים אויף ווייכער בערנפעל,
טוט אים, ווי קראַפּיווע, אַ ברי דער אָטעם קין׳ס —
און ער בלייבט ליגן שטום ביז דער באַגינען העלט.
און ווען ס׳צעוועקט זיך אָדם אין די פריע שעה׳ן,
ער זעט, ווי הבל ליגט אויף זיין געלעגער וואַך.
דערציילט דער יונג דעם טאַטן וועגן זיין חזיון,
פון שטראַלנדיקן גאָט אין בלויער הימל־טראַכט.
און אָדם הערט אין שטוין די וואונדער־רייד פון הבל
און נעמט אַרום דעם זון, וואָס ציטערט, ווי אַ שוואַלב:
— „כ׳האָב אויך, מיין זון, געשפּירט: אין גלגל פון דער טבע
פאַראַן אַ וואָרער גאָט — און נישט דער אָף פון וואַלד.
שלאָף־איין, מיין זון, אין פריד. זאָל איבער דיר דאָ וואַכן
דאָס אויג דאָס געטלעכע, וואָס האָט זיך דיר אַנטפּלעקט!״ —
ער גיסט די נעגל אָפּ און דאַוונט פריידיק „שחרית״
און לאָזט זיך גיין אין פעלד מיט זאַמדיק־קילן וועג.

**יב. אָדמ׳ס בנים שטעלן זיך פאַר גאָט**

און יאָרן יאָגן זיך און פאַלן, ווי די שטויבן.
מיט קנאה קין קוקט: עס ריזלט ווי אַ קוואַל
און הבל׳ען ס׳מענטשלעכע מיט גוטסקייט און מיט גלויבן,—
און אים? אים — קין׳ען — ציט ס׳חיה׳שע צום וואַלד.
געבראַנדיקט צווישן זיי האָט שנאה, ווי אַ פייער,
וויווילדע עקדישן, געלויערט אויפן שוועל.
און איינמאָל אַ פאַרטאָג ז׳אַרויס מיט הבל׳ען קין
איעדער מיט זיין גאָב אויף טויענדיקן פעלד.
און ס׳האָבן זיך געשטעלט פאַר גאָט צוויי אָדמ׳ס בנים:
געבראַכט האָט קין ווייץ און זאַפטיק-זיסע פרוכט.
און הבל האָט געבראַכט אַ ליכטיקע מתנה:
צוויי ערשט-געבוירענע, צוויי לעמעלעך אין פוך.
און ס׳האָבן ברידער צוויי צעלייגט אין פעלד אַ פייער,
און יעדער האָט געוואַרט מיט האָפענונג אין בליק:
גערופן קין האָט צו אָף — דער גרויסער חיה,
און הבל האָט צו אי״ש זיין שטיל געבעט געשיקט.

**קין׳ס תפילה:** — „גרויסער אף, מיין פאָטער-חיה,
מיין פאַרצווייפלט קול דערהער:
ס׳האָט געבראַכט דיין זון דיר, קין,
אַ מתנה פון דער ערד.
זיסע, רייפע פרוכט פוןביימער,
ווייץ און קאָרן אויפן זאַנג, —
אויב פאַרמאָגסט אַ פלאַם אין רוימען,
שיק פאַרלענדן מיין געשאַנק.״ —
און הבל זעט: די שטערן פאַשן זיך אין הימל,
ווי זיינע שעפעלעך, אויף אייגענעם באַראָט,
און ס׳קליינע פאַסטעכל — דער מולד — דרימלט, דרימלט...
און ס׳טריפט פון הבל׳ס האַרץ זיין שטיל געבעט צו גאָט.

**הבל׳ס תפילה:** — „גאָט, דו היטער פון סכנה,
האַר פון אָנהייב, שר פון סוף,
כ׳האָב געבראַכט דיר אַ מתנה:
יונגע רינד און פעטע שאָף.
גאָט, מיין האַר, פאַרנעם מיין תפילה,
ריין איז זי, ווי חוה׳ס טרער,
קום, גענען מיט טריט מיט שטילע,
מיין געשאַנק אין פלאַם פאַרצער!״ —
איז וואָוילגעפעלן גאָט די שטילע און די פרומע
די שטים פון הבל׳ס האַרץ — ניט רינדער פון זיין הערד, —
האָט ער ביי אים ס׳געשאַנק מיט ליבשאַפט צוגענומען,
געשיקט אַ פלאַם אַ בליציקן — און עס פאַרצערט.

## יג. קין הרג׳עט הבל׳ען

און קין׳ס ווייץ און פרוכט האָט גאָט׳ס געשיקטע פייער
מיט פלאַמענדיקער צונג אַפילו נישט באַרירט.
האָט אויפגעבראָזט אין אים דער זאָמען פון דער חיה —
און ער האָט זיך אַ שטעל־געטאָן אויף אַלע פיר.
איז קין גיריק צו צום פלאַמענדיקן שייטער,
וואו ס׳האָט געפרעגלט זיך פון הבל׳ס גאָב די פעטס,
פון פלאַם אַרויסגעכאַפּט אַ ברענענדיקן שייטל —
און הבל׳ען אויסגעשמערקט מיט חיה׳ש־פלינקן זעץ.
קוקט קין זיך אַרום: ס׳ליגט הבל שטיל־פאַרטאַיעט,
מיט אויגן צווי פאַרגלייזט — אַן אָפּגעהאַקטער צווייג...
האָט קין זיך פון שרעק צערעוועט, ווי אַ חיה —
און הבל ליגט און שווייגט...

און קין האָט דערהערט, ווי אָדם׳ס שטימע רעוועט,
ווי ס׳וואָלט געהיימע שרעק ביים האַרצן אים געקוועלט:
— „אָ! קין, קין, זאָג: וואו איז דיין ברודער הבל?
איך האָב אייך ביידן דאָ געזען פאַרטאָג אין פעלד.״ —
האָט קין אָפּגעקערט זיין פּנים פון די רוימען,
ווי ס׳וואָלט אַ בלענדיק ליכט די אַפּלען אים געברענט:
— „איך וויים נישט! בין איך דען מיין ברודער׳ס שומר?״ —
און צוגעדעקט ס׳געזיכט מיט האַריקע צווי הענט.

פון פעלד דערבייאיקן איז אָנגעלאָפן אָדם
מיט יערנדיקער שרעק אין איילנדיקע טריט,
דערזען דעם גרויסן בראָך, דערזען די ווילדע פּחדים,
ווי הבל ליגט פאַרשטאַרט און רירט נישט מיט קיין גליד.
האָט אָדם׳ס בראָכיק קול פון וויטיק זיך צעהודערט:
— אָ! קין, קין, זאָג: וואו איז דיין ברודער הבל?
שרייט פון דער ערד צו מיר דאָס בלוט פון הבל־ברודער
און מאָנט: ׳נקמה נעם, אַ פאָטער, פאַר מיין טויט!׳ —
און וויל דיין מערדער־האַנט דעם טויט האָט דאָ געבוירן,
פאַרגיי פון מיין געזיכט — דו ביזט נישט מער מיין זון..
זאָל וואָגלען דיין געביין — אַ שרעק־בילד איבער דורות,
אין לאַנגן נע־ונד — אַ וויסטער וואַגאַבונד.
פאַרלאָז, פאַרלאָז די ערד, וואָס שרייט מיט בלוט פון הבל,
און גיי צום מזרח־ברעג, צום וויסטן לאַנד פון נוד,
און וויפיל ס׳זאָל דיין האַנט נישט זיגן איבער טבע,
דיין אייגענער באַשאַף וועט גרייכן דיך — דער טויט!״ —

און דאָ אין איילעניש איז חוה אָנגעקומען,
ווען זון האָט שוין געשיינט אויף טויענדיקן טאָל,
דערזען, ווי הבל ליגט אַ קאַלטער און אַ שטומער,
האָט זי אין מוטער־פיין צעוויינט זיך אויף אַ קול.

האָט אויפגעהויבן מענטש זיין טויטן זון — זיין הבל'ען —
מיט ציטערדיקע הענט פון בלוט-באַפלעקטער ערד,
און ס'האָט זיין בראָכיק קול זיך צאָרנדיק צערעוועט:
— „דו וועסט באַצאָלן, אַף, פאַר חוה'ס יעדער טרער!" —
אויף אויסגעשטרעקטע הענט — אַ גרוויליק-שטומע גליבע —
געטראָגן אָדם האָט זיין טויטן זון אַהיים.
און קין איז אַליין אין וויסטן פעלד פאַרבליבן,
גענישטערט נאָך אַ טרייסט אין קופּער-רויטן רוים.
ווען קין האָט דערוואַכט פון הינערפלעט פון שווערן,
האָט ער דערפילט אין קלעם, דערציטערט און פאַרגאַפט:
מיט לאַפּע האָריקער האָט אָנגערירט זיין שטערן
דער דיקער, ריזיקער, מגושם'דיקער אַף.
מיט צערטלדיקע רייד גערופן האָט די חיה:
— „ניט שרעק זיך, זון מיינער, פאַר אָדם'ס שווערער שטראָף!
אין וויסטן נע-ונד וועל איך דיך שיצן, קין,
ס'זאָל לייכט דיר זיין דיין וועג און רואיק זיין דיין שלאָף.
עס האָט די גרויסע שלאַכט זיך ערשט בלויז אָנגעפאַנגען —
און זיין וועט דאָס אַ שטרייט אויף דור-דורות, מיין קינד,
ווייל פירן וועלן לאַנג אַ בלוטיקן געראַנגל
די זין פון אָדמ'ן מיט קינ'ס הויזגעזינד.
און זיין וועט דאָס אַ שטרייט פון מענטש אַנטקעגן חיה,
פון מענטשלעכן געדאַנק אַנטקעגן תהו-קראַפט —
און מיר'ן זען נאָך ווער עס וועט דאָ זיגן, קין!." —
און ס'איז אַוועק צוריק אין ווילדן וואַלד דער אַף.

**יד. און הבל ליגט אַ טויטער...**

אויף וויסטע וועגן קין שפּאַנט,
אַ האָריקער, אַ רויטער.
אין מערב לעשט זיך שקיעה-בראַנד.
און הבל ליגט אַ טויטער...
און דינסטן רויש און מינדסטן שאָרך
פאַרנעמט ער אויף זיין לויער.
דאָס שרייט זיין ברודער'ס גסיסה-שנאָרך
ביי קינ'ען אין אויער.

און קין שפּאַנט אויף באַרג און טאָל.
פאַרשטויסן און פאַראומערט.
און גרויזאַם יאָגט אים אָדמ'ס קול:
— „ביזט, קין, נישט מיין זון מער!" —
און טויט ליגט הבל אויף דער ערד.
און קין וויל פאַרגעסן.
נאָר ס'לויפט אים נאָך דעם מולד'ס סערפּ —
אַן אויסגעשטשערבעט מעסער.

צום לאַנד פון נוד, ביים מזרח־ראַנד
מיט הייסע טריט שפּאַנט קין:
דאָרט וועט ער אויסקויפן די שאַנד
און ס׳לעבן זיינס באַנייען.
דאָרט וועט ער האַקן פונק פון שטיין,
דאָרט וועט ער זייען פלעווע,
דאָרט וועט ער ראַטעווען ס׳געביין
פון טויטן ברודער הבל.
נאָר ווען ער קומט אין לאַנד פון נוד,
דערזעט ער: די לבנה
קוקט בלייך און שווייגעוודיק און טויט,
ווי ברודער הבל׳ס פּנים.
און קין שפּאַנט אין בראָך און שאַנד.
זיין קול — אַ חיה׳ש רעווען.
און וואו ער קומט — אין יעדן לאַנד
ער טייט זיין ברודער הבל.

## טז. חוה׳ס נקמה

דריי טעג און נעכט באַקלאָגט האָט אָדם הבל׳ען
און איינמאָל נישט פאַרלאָזט אין טרויער זיין געצעלט.
און אויפן פערטן טאָג האָט ער דעם מת גע׳טובל׳ט
און אויסגעגראָבן אים אַ גרוב אינמיטן פעלד.
און קין איז אַוועק פון אָדמ׳ס בייזן צאָרן,
אין מזרח זיך באַזעצט, אין וויסטן לאַנד פון נוד:
געווען איז אים דער טאָג — אַ שטעכעדיקער דאָרן,
געווען איז אים די נאַכט — דער פּחד פאַרן טויט.
און חוה איז אַליין מיט אָדמ׳ן געבליבן,
און יעדער האָט אין זיך פאַרטאַיעט טיף די וואונד.
און אויסגעגאָסן איז איר מיט בענקשאַפט און מיט ליבע
דאָס האַרץ נאָך קינ׳ען, דעם זון — דעם וואַגאַבונד.
און חוה׳ן האָט דער צער געבריט, ווי הייסע קוילן,
און ס׳האָט געצוקט איר האַרץ — אַ פויגל אין אַ שטייג.
און אָפט מיט אָדמ׳ן זי זוכט איר צער צו טיילן,
נאָר אָדם אַרבעט שווער און שפּאַנט פאַרטראַכט און שווייגט.

און וואָכן יאָגן זיך און זונען בייטן זונען,
און הימלען רינצלען זיך מיט וואָלקנדלעך, ווי פוך.
און ווידער גרינט די ערד מיט פרילינגדיקע רונען,
און ווידער קומט די שלאַנג צו חוה׳ן אויף באַזוך:
— „גוט־מאָרגן, חוה, דיר, ס׳איז פול מיט פריד מיין קומען,
זאָל גאָט דיך אויסהיטן פון צער שוין און פון בייז.
איך האָב פון אַלץ געהערט, האָב איך דיין צער פאַרנומען,
ווי פון אַן אַלטן פריינט, נעם חוה, אָן מיין טרייסט.

— „איך וויל דיך, חוה, דאָ מיט שווערע רייד נישט פּלעפן,
נאָר ווייסטו וואו עס פליסט פון צער דיינעם דער קוואַל?
ס'איז, חוה, נישט קיין סוד, ס'איז גאָרנישט שווער צו טרעפן:
עס לויערט גרויסער אַף אין טיפן, ווילדן וואַלד.
צי הערסטו נישט ווי אָפט דורך נאַכט-געהייל ער הודערט
און טראַמפּלט אור-ביימער אין חרוב'דיקן שפּאַן?
ס'האָט ער דאָס אויפגעהעצט אַ ברודער אויף אַ ברודער,
אויף הבל'ען קין זאָל דאָ אויפהויבן אַ האַנט.
און דאָס איז נאָך נישט אַלץ... איך שווער דיר אַן חניפה,
אַז אַלץ, וואָס איך דערצייל, איז אמת און געטרוי:
אַנומלט רופט-צעזנויף די מאַלפּע אַן אסיפה
פון אַלע וואַלד-חיות און זאָגט צו זיי אַזוי:

— „'עס וועט דער אָדם דאָ אייך אַלעמען פאַרשקלאַפן
'און ירש'ענען דער ערד'ס פאַרכאַפטע קעניגרייך.
'איר, בערן, און איר, וועלף, איר, לייבן, און איר, אַפן,
'וועט איר אים אַלע לאָזן הערשן איבער אייך?
'קומט, לאָמיר, חיות, אויפשטיין אַלע דאָ, ווי איינער,
און טייטן אָדמ'ן און ס'גאַנצע הויזגעזינד...' —
און, חוה, כ'הער אין וואַלד די חיות שאַרפן ציינער
אויף דיר און אָדמ'ן... און האָס איז זיס און בלינד...
און ווייסטו וואָס אים קוועלט? און ווייסטו וואָס ער האָוועט?
(און ס'שלענגט זיך אַרום דער נחש'ס מויל אַ שמוך):
דאָס בענקט דער גרויסער אַף נאָך זיין געליבטער חוה'ן
אין גליענדיקער לוסט. אין בייזער אייפערזוכט.
דו ווייסט: ס'איז מאַלפּע-גאָט אַ נוקם און אַ נוטר,
ער זיצט אין ווילדן וואַלד און וואַרט און לאַקט און שפּירט:
ר'האָט נישט געשאַנעוועט דיין יונגן זון צו טויטן,
וועט ער זיך אָפּשטעלן פאַר אָדמ'ן, פאַר דיר?

— „נאָר ס'איז אַן עצה דאָ — מען דאַרף עס בלויז פּרובירן,
מען דאַרף בלויז אָפּטויטן זיין שעפערישע קראַפט.
דו נעם ביי אים נאָר צו דעם כח פון יצירה —
און הילפלאָז קעגן אייך וועט בלייבן גרויסער אַף.
כ'האָב וואָכן נאָכגעשפּירט דעם בלויען גאַנג פון שטערן —
און ס'האָט דער שטערנוועג געוויזן מיר אַ טרייסט:
ס'וועט גאָט-דער-אַף זיך מער נישט פרוכפּערן און מערן,
נישט אָנפילן די ערד מיט רשעות און מיט בייז.
און ווייסטו ווי אַזוי דו קאָנסט אין נעץ אים שפּאַנען,
אַז שרעקן זאָל נישט מער זיין כח דיין געביין:
דו גיי צו אים אין וואַלד—און דאָרט אין שלאָף אַנטמאַן אים,
אָט האָסטו, חוה, דאָ אַ שפּיציק-שאַרפן שטיין." —

ביינאַכט, ווען אָדם איז אין טיפֿן שלאָף פֿאַרזונקען,
איז חוה אויפֿגעשטאַנען פֿון איר בערנפֿעל.
זי קוקט זיך וואַך אַרום אין נאַכטיק-פֿייכטן טונקל,
עס שמעקט דער שוואַרצער וואַלד מיט סאַסנע און מיט יעל.
די שטערן פֿאַשען זיך, ווי שעפּעלעך, אין הימל,
דער מולד-האָרן לויכט, ווי ווייסער עלפֿנביין.
דער אורוואַלד וויגט זיך, וויגט אין מלכות'דיקן דרימל —
און חוה טראָגט אין האַנט פֿאַרקוועטשט דעם קיזלשטיין.

און חוה לויפֿט אַריין אין ווילדן וואַלד פֿאַרסאָפּעט.
זי שפּירט: אַ גרויסע קראַפּט איר אָרעם פּירט און שטויסט.
אויף בעט אויף מאָכיקן ליגט גרויסער אַף און כראָפּעט
מיט בויך מיט האָריקן פֿאַרהאַלעט און אַנטבלויזט.
און חוה גנב'עט זיך מיט טריט מיט קעציש-שטילע
צום אויפֿגעדעקטן בויך פֿון שלאָפֿענדיקן אַף.
פֿון שטערן קייקלען זיך צו ליפּן טראָפּנס קילע —
און בליציק פֿאַלט איר האַנט מיט שטיינערדיקער שאַרף...

די מאַלפּע כאַפּט זיך אויף — אַ דעמב פֿון בליץ געטראָפֿן —
און ס'טרייסלט זיך דער וואַלד פֿון יאָמערדיקן וואַי.
און שטיל און שטום פֿאַרגייט דער שטערנגאַנג אין צפֿון
און ס'ברעכט זיך נאַכטיק-גרוי אין מילכיק מאַרגנבלוי.
און חוה לויפֿט אין וואַלד אַריבער בוים און קוויטן,
און חיה'ש-ווילדער וואַי, ווי בייטשן, טרייבט זי, טרייבט.
און צווייגן שטעכיקע צעפּאַסעווען אין צויטן
איר אויפֿגעיווירן לייב.
און חוה יאָגט און פֿאַלט און הויבט זיך אויף אַ שטומע,
און ס'יאָגט זי מאַלפּע-וואַי מיט יאָמערדיקן גרויל...
אַ שפּראָץ אויף טאָג איז זי פֿון וואַלד אַהיימגעקומען
און אָדמ'ן צעוועקט און אַלץ אים, אַלץ דערציילט.
האָט אָדם אויסגעהערט זיין חוה'ס רייד די וואָרע,
און אויסגעקושט האָט ער אויף לייב אירם יעדע וואונד,
און זי אַ הויב-געטאָן אין זיינע שטאַרקע אָרעמס
און איז מיט איר אַוועק באַגעגענען די זון.

## טז. דער פֿאַרלוירענער גן-עדן

ס'האָט אָדמ'ס האַרץ געבענקט מיט ניט-געשטילטן פֿייער
נאָך דער פֿאַרלוירענער, נאָך דער גן-עדן שיין.
גע'חלומ'ט: ר'וועט אַמאָל די פּרוכט פֿון עץ-החיים
פֿאַרזוכן אויף זיין צונג — און אייביק, אייביק זיין.
און איינמאָל אַ פֿאַרנאַכט, ווען ס'האָט געיאָגט זיך שיידן
די פֿלאַקערדיקע זון מיט אָוונטיקער ערד,
איז צוגעקומען מענטש צום טויער פֿון גן-עדן —
און זעט: עס דרימלט שטיל דער שומר אויף זיין שווערד.

האָט אָדם דורכגעשפּאַנט דעם ניט־באַוואַכטן טויער —
און ס'האָט זיך אים אַנטפּלעקט דער חורבן פון זיין טרוים:
ער זעט: אויף גאָרטן רוט אַ וויאַנעדיקער טרויער,
אַ שטויב אַ גאָלדענער — אויף יעדן קווייט און בוים.
און אָדם קוקט און שטוינט און גלויבט ניט זיינע אויגן:
דער גאָרטן פון זיין טרוים איז וויסט איז טויט און שטום.
עס זשומעט נישט קיין בין, עס צוויטשערט ניט קיין פויגל,
אויף בייטן פרעכטיקע עס שמעקט נישט מער קיין בלום.

ער שפּאַנט, אַ דורכגעדרונגענער פון בלויען שווייגן,
און זעט: עס רייפט דער סאַד מיט וויאַנעדיקע פרוכט,
און ס'שטרעקן זיך צו אים, ווי הענט, באַשווערטע צווייגן
און בעטן רחמים זיך: — „רייס, אָדם, און פאַרזוך...
זינט ס'האָט דער גרויסער אַף פאַרטריבן דיך פונדאַנען
פאַרלוירן האָבן מיר: אי אָדמ'ן, אי גאָט...
מיר זיינען לאַנג שוין רייף — און וויאַנען... וויאַנען... וויאַנען.
מיר שטאַרבן, אָדם, דאַ אויף קיינעמס ניט באַראָט" —

און אָדם קוקט און שטוינט: די עפּל גאָלדיק־זיסע
פון שטאָלצן עץ־הדעת פאַרוויאַנעט ליגן, טויט,
און ווערים בייכיקע און גלאַנציקע און מיאוסע
מיט תאוה גראָבן זיך אין זייער אינגעווייד.
און שלענג געפינטלטע און עקדישן און ברודן
און כל המינים שלעק, וואָס פויזן אויף דער ערד,
פון אַלע עקן וועלט געקומען אויף דער סעודה
פון הפקר און פון תל, פון אומקום און צעשטער.
און אָדם קוקט און זעט דאָס וויאַנען פון גן־עדן,
דעם טוכלע־זיסן גרוך פון וועלקן און פון טויט —
און ס'הארץ זיינס קאָרטשעט זיך פון אומעט און פון ליידן,
און פון פאַרוויסטן טרוים איז אָדם לויפן גרייט.

נאָר מיטאַמאָל ער זעט: אַ בוים אין פולן בליען,
מיט מלכות'דיקער קרוין צעשפּיזלט הימל־רוים.
און אַלע שלענג און שלעק צום בוים זיך ציען, ציען...
נאָר קיינער וואַגט פון זיי נישט צוקומען צום בוים.
און אָדם קוקט מיט פּיין אויף פרעכטיקער לוויה,
און אויפגעלויכטן האָט אַ בליץ אין זיין געדאַנק:
איז דאָס זיין טרוים פאַרבאָטענער — דער עץ־החיים,
וואָס בליט אַליין אין רייך פון טויטן וועלק־און־וויאַן?
און ווי ער קוקט אין שטוין אויף אויפגעהעלטן וואונדער
— און הערט זיך צו צום בוים'ס פיל־בלעטערדיקן רויש, —
דערזעט ער ווי אַ נוס, אַ שווערער און אַ רונדער,
צו זיינע פיס אים פאַלט אין גאָלדיק־גרינעם לויש.

ער עפנט-אויף דעם נוס און פּרואווט אים אויף זיין גומען:
איין העלפט איז ביטער-גאַל, די צווייטע — האָניק-זיס.
און פּלוצים ער דערהערט: די בינען ווידער זשומען...
און ס'נידערט אַזאַ קראַפט אין זיינע מידע פיס.
און אָדם רייסט פון בוים אַ פרי נאָך אַ פרי
און שפּירט: אין אָדערן עס ריזלט הייס זיין בלוט.
אין אָוונטדיקן רוים צעצינדן זיך די שטערן
און מולד סערפּיקער צעשפּילט זיך אויף זיין פלוט.
אין אויפגעלעבטן סאָד צעצווּיטשערן זיך פויגל,
ס'צעבליען בלומען זיך מיט טערפּקע-זיסער זאַפט...
און אָדם עפנט ברייט פון וואונדער זיינע אויגן —
און ער דערשפּירט אויף זיך דעם בליק פון גרויסן אַף.

**יז. אָדם פאַרמעסט זיך מיט דער חיה**

און אָדם קוקט און שטוינט: לעם אים שטייט גאָט — די חיה,
און ס'צאָרנט בייז איר שטים דורך שטשירנדיקע ציין:
—„כ'געדענק די נאַכט אין וואַלד, ווען חוה'ס האַנט, ווי פייער,
האָט מיך אַ ברי-געטאָן מיט שאַרפן שפּיץ פון שטיין.
און מיך געלאָזט אַליין אַ בלוטענדיקן ליגן
אויף בעט, אויף מאָכיקן אין ווייטיק און אין שאַנד.
איך האָב די גאַנצע נאַכט מיט בלוט און גאַל געשפּיגן,
און ס'האָט מיין לייב געברענט אין פיבערדיקן בראַנד.

— „זאָג, ווער האָט זי געשיקט דעם כח פון יצירה
ביי מיר אַוועקרויבן — אַ גנב'טע — אין שלאָף?
און ווייל אַ מורד-האַנט אַנטקעגן איר געבירער
האָט אויפגעהויבן זי, — וועט האַרב זיין, האַרב איר שטראָף:
עס וועט איר גורל זיין פון נאָנעם און פון הורן,
און ברענען וועט איר לוסט—אין פלאַקער-פלאַם—אַ שטרוי,
אַ נישט-געזעטיקטע דורך פריידן און יסורים
וועט טליען צו דעם מאַן די ליבע פון דער פרוי.
און אייביק וועט זי זיין געשמידט מיט ליבע-קייטן
און אייביק-אונטערטעניק, ווי אַ שקלאַף, דעם מאַן,
און טראָגן אין איר האַרץ די שרעק פון טויזנט טויטן
און לויערן אויף דיר מיט שאַרפן שטיין אין האַנט.
און פירן וועט איר לוסט דורך פינצטערע קאַיאָרן
נישט איינמאָל אייער שטאַם צום שוועל פון עשאַפאַט.
און אייביק וועט זי זיין אַ שטעכעדיקער דאָרן
אין אויג פון מענטשן-מין: זי האָט אַנטמאַנט זיין גאָט.

— „און דו? אויך, אָדם, דו אין אירע זינד ביזט חיב:
האָסט זי נישט אויסגעהיט פון אויפהויבן דעם שטיין...
און דו אַליין האָסט היינט פאַרזוכט פון עץ-החיים —
פאַרשאָלטן זיין וועט, מענטש, אין וועלטן דיין געביין!

— „ס'איז האַרב דיין חטא, וועט זיין דיין שטראָף נאָך האַרבער:
אַלץ, וואָס אויף גרויער ערד עס לעבט און אָטעמט היינט
און וואָס ס'וועט מאָרגן בלי'ן, וועט שטאַרבן... שטאַרבן...
בלויז, אָדם, דו אַליין, בלויז דו וועסט אייביק זיין!
און אייביק אויפשטיין וועט אַנטקעגן הבל'ן קין,
און אייביק טייטן וועט דעם מענטשן מענטש מיט שווערד,
און אייביק וועט שוין זיין לית דין דאָ און לית דיין —
און מערן זיך, ווי לייז, וועט רשעות אויף דער ערד.
און וואו אַ חלף נאָר אַ דינעם האַלדז וועט שניידן
און וואו אַ מענטשנ'ס האַרץ וועט לעכערן אַ שווערד, —
אויף דיר, אויף דיין געביין — די פּיינען און דיליידן
פון אַלע טויזנט טויטן איבער גאָר דער ערד." —

געשטאַנען ז'אָדם לאַנג אין שטומען צער געבויגן.
געהאָגלט האָט אַפּ'ם וואָרט, ווי שטיינער, אויף זיין קאָפּ...
נאָר פּלוצים האָט אַ בליץ אין צאָרנדיקע אויגן
אַ שפּריץ-געטאָן מיט ליכט — אַ שיינענדיקער סנאָפּ:
— „אָ, גרויסע חיה-גאָט, אין שאָטן פון גן-עדן,
אין ליכט אין וואַרעמען פון ליבער מאַמע-זון,
ווי ברידער צוויי געלעבט אין נחת און אין פריידן:
דו — גרויסער פאָטער-אַף, איך — קליינער אַפּל-זון.
כ'האָב נישט געבעטן דיך, זאָלסט מיך באַשאַפן, פאָטער,
פון ערד פון ליימיקער — אַ שפּילצייגל, אַ נישט,
אין מיינע נאָזלעכער אַריינבלאָזן אַן אָטעם,
מיר געבן אין רשות: בהמות, חיות, פיש.

— „נאָר האָסטו איבער זיי מיך, פאָטער-אַף, דערהויבן,
וואָס האָסטו מיר די פרוכט פון עץ-הדעת פאַרווערט?
האָסטו דערשראָקן זיך, אַז איך וועל לעבן אייביק
און ס'וועט מיין זאָם זיך מערן אויף דער ערד?
פאַרוואָס האָסטו דעם סוד פון שאַפן ניט פאַרטרויט מיר?
און ווער האָט דיר געשענקט צעשטערנדיקע מאַכט,
וואָס האָסט אַ ברודער דאָ געלאָזט אַ ברודער טויטן
אין ערשטער בלוטיקער און מערדערלעכער שלאַכט?

— „איך, אָדם, שטיי פאַר דיר און טו מיט צאָרן פרעגן:
ווער האָט געגעבן דיר די שטראָפנדיקע האַק?
איך—קרוין פון באַשאַף, איך—אַפּל-מענטש—בין קעגן!
כ'נעם, מאַלפּע-גאָט, נישט אָן דיין ניט-גערעכטן פסק!
איך ווייס, וואָס ס'איז געשען אין יענער נאַכט דער טריבער,
ווען חוה'ן האָסט געשענדט — דעם כתר פון באַשאַף —
איצט האָסטו זי פאַרשקלאַפט, וועט העלפן איר מיין ליבע
באַפרייען זיך פון דיר און פון דיין קללה, אַף!

— „אומזיסט, אָ, מאַלפּע-גאָט, דיין בייזער קללה-שטורעם!
איך דאַנק דיר פאַרן גורל, וואָס איז מיר באַשערט;
איך נעם אויף זיך מיט שטאָלץ די ליידן און יסורים
פון יעדן חלף-שניט, פון יעדן שטאָך פון שווערד.
איך וועל דורך דורות גיין — און דאָרט וואו קאַט און שינדער
וועט לויערן מיט האַק, מיט מעסער און מיט קייט —
איז דאָרטן, וואו מע דאַרף, וועל איך די וואונדן בינדן,
און דאָרטן, וואו מען דאַרף, וועל ברענגען לעצטע פרייד.
און וואו עס וועט אַ האַלדז אין תליה זיך פאַרקניפּן
און לעכצן נאָך אַ טרונק וועט הייסער שטרעק פון צונג,
צום פיבערדיקן פלאַם פון דאָרשטענדיקע ליפּן
מיט ליבשאַפט צוטראָגן וועל איך דעם לעצטן טרונק.
און וואו עס וועט אַ האַרץ אין לעצטער פּיין נאָך קלאַפּן
און וואו ס'וועט צאַפּלען זיך אין לעצטן קראַם אַ פויסט, —
ווי היילענדער באַלזאַם, דאָרט וועט מיין ליבשאַפט קאַפּען,
ווי אויל, וועט טריפן דאָרט מיין חבר'ישע טרייסט.

— „כ'געדענק: אין יענער נאַכט, ווען כ'בין, ווי ליים ווי רויע,
געלעגן אויף דער ערד — נאָך איידער מיין באַשאַף,
האָט דיך אַ בייזע שטים גערופן: חיה-רעה,
געטאַדלט און געשטראָפט דיך מיטן נאָמען „אַף!"
געוואָרנט: 'ס'וועט דער מענטש נישט קאָנען זיך באַפרייען
'פון דיין ממשלה, אַף, פון דיר און דיין געבאָט,
'ביז וואַן ער וועט פון זיך נישט אויסוואָרצלען די חיה,
'ביז וואַן ער וועט דורך זיך פאַרמענטשלען חיה-גאָט.'
איז וואו האָסטו פון מיר אין אייביקייט פאַרהוילן
פון גרויסן אומבאַקאַנטן ס'ליכטיקע געשטאַלט?
זינט דעמאָלט גיי איך אום אין אַנגסטן און אין גרוילן
און זוך אין יעדן נעבל ס'ליכט, וואָס אייביק שטראַלט.

—„כ'געדענק, כ'געדענק אַ פּנים—אין צעשטראַל פון קרוינען.
כ'וועל זוכן יענעם גאָט דאָס גאַנצע לעבן-לאַנג,
ביז ער וועט ענטפערן: — „בן-אָדם... פּה... הנני..." —
און וועט מיר אויסשטרעקן זיין שטראַלנדיקע האַנט.
ס'האָט הבל פאַר זיין טויט דערציילט מיר זיין חזיון:
ר'האָט אויך געזען אַ שיין אין תהום פון פינצטערניש —
דאָס האָט זיך אים אַנטפּלעקט אין נצח-נאַכט פון תוהו
דאָס אויג פון אייביקייט — דער גאָט דער וואָרער — אי"ש.
און ס'האָט מיין זון באַצאָלט מיט צאַפּלדיקן לעבן —
ס'האָט קין אים געטויט, דיין ווילדער מערדער-זון.
נאָר מיר האָסטו די קראַפט פון אייביקייט געגעבן,
וועל איך געפינען אי"ש אין בלויען הימל-רונד.

— „נישט וואַכן וועט מיין אויג, נישט האָבן וועט מנוחה
מיין נישטערנדיק האַרץ, מיין אײַלנדיקער טראָט:
אין אַלע עולמות איך וועל אים אייביק זוכן —
און כ׳וועל געפינען אים, דעם אמת׳דיקן גאָט.
כ׳וועל אויפשטייגן צו אים אויף יעקב׳ס חלום - לייטער,
ווי משה, כ׳וועל זיין ליכט דערזען אין פינצטערניש.
אויב איך בין אָדם - איש, איז ער די זייט די צווייטע,
די נצח - זייט פון מיר — דער גאָט, דער וואָרער — אי׳ש.
און דו — ביזט פאַלשער גאָט... ביזט סטרא - אַחרא...שטן,
די זייט די פינצטערע פון זיין צעשטראַלט געזיכט.
ביזט קיניג פון באַטרוג...דו ביזט נישט גאָט—מיין פאָטער...
און איך? כ׳בין נישט דיין זון, געבוירן פון דיין דיך.
דו האָסט מיט בלוט די ערד געשענדעט און פאַרפעסטעט,
פאַרשנייד איך היינט מיט דיר אַ בונד פון האַס און שווערד:
נישט איינמאָל וועל איך, אָף, מיט דיר נאָך כחות מעסטן,
איך — מענטש, דיין יורש אויף דער ערד! —

האָט גרויסע מאַלפּע זיך פון גרימצאָרן צעוואָיעט —
און אויפגעציטערט האָט דער סאָד פון עק ביז עק.
און האָרדעס חיה׳שע פאַרהויבן האָבן טלאָיען
און טראָציקן געלאָף, צעווילדעוועט פון שרעק.
געשטאַנען ז׳חיה - גאָט אינמיטן פון גן - עדן
מיט לאַפּעס האָריקע, מיט טראָמפּלדיקע פיס,
אין גרויזאַמען פאַרלענד געטראָטן בוים און קווייטן,
די פרוכט פון זיין באַשאַף אין גרימצאָרן פאַרוויסט.

אַ גאַנצע נאַכט האָט אָף געצאָרנט און געהאַוועט —
און אָפּגעווישט פון דר׳ערד דעם מענטשנ׳ס ערשטע נעסט.
פאַרטאָג האָט אָדם זיך צוריקגעקערט צו חוה׳ן
און אָפּגעשלאָפן שווער, אין פיבער אַ מעת - לעת.
אויף צווייטן טאָג האָט ער, אַ פרישער און אַ יונגער,
פון שווערן הינערפלעט זיך אויפגעהויבן וואָך
און פרי אַוועק אין פעלד. און פריידיק האָט געזונגען
דער אָקער אין זיין האַנט ביז שפּעט אין יענער נאַכט.

ביינאַכט אַ נייע פרייד אין אים איז אויפגעוויירן —
און ווייך און מאַמעדיק געווען איז חוה׳ס שוים.
האָט חוה אָדמ׳ן אַ נייעם זון געבוירן —
און מ׳האָט דעם ניי - געבוירענעם גערופן שת.
זינט דאַן איז צווישן זיי די ליבשאַפט אויפגעגאַנגען
אין בענקשאַפט אייביקער צום געטלעכן אחד.
און שטיל האָט זיך געגרייט צום גרויזאַמען געראַנגל
דער אויפגעוואַכטער מענטש אַנטקעגן חיה - גאָט.

## יח. מתן תורת — אי״ש

און דורות קייקלען זיך, ווי הימלישע מזלות,
און שבטים מערן זיך און שטאַרבן אויף דער ערד.
בלויז אָדם לעבט אין זכות פון בורא׳ס נצח-קללה,
אַ גרויער וואַנדערער, אַ שטומער אהאַספער.
ער בויט אין מבול-טעג מיט נח׳ן די תיבה,
מיט לוט׳ן ער אַנטרינט פון ברענענדיקן סדום.
ער שפּאַנט מיט אַברמ׳ן אין פלאַם פון קאַלעך-אויוון
און הויבט מיט אים די האַק אין תרח׳ס געצן-קראַם.
ער גייט מיט יצחק׳ן אַרויף אויף דער עקדה
און שפּירט דעם חלף-בליץ הכנעה׳דיק — און שווייגט.
פאַרנעמט דעם גסיסה-וויי, דעם לעצטן צוק און שוידער
פון שטומען ווידער, דעם פאַרפּלאָנטערטן אין צווייג.
ער טרוימט מיט יעקב׳ן אין נאַכט פון חלום-לייטער,
און פונקט ווי ער, ער בענקט נאָך שטראַליקן געזיכט.
ער פּעכט פאַרטאָג מיט גאָט — און ווידער מאַכט ער פּליטה,
אַ זיגער איבער גאָט — מיט אויסגעלינקטער דיך.

מיט משה׳ן גייט אַרום צעווישן זיינע ברידער
און קוקט זיך צו צו׳ר נויט פון קינדער פון זיין שטאַם.
ער זעט: אַ מצרי פייניקט איינעם פון די אידן —
דערשלאָגט ער אים צום טויט, באַהאַלט אים טיף אין זאַמד.
און אָדם לויפט מיט משה׳ן פון פאַר פּרעה׳ס צאָרן
און לעבן חורב-באַרג ער פּיטערט יתרו׳ס הערד.
און משה זעט: עס ברענט אַ פלאַקערדיקער דאָרן,
ער ברענט און ברענט—און ווערט אין פייער נישט פאַרצערט.
און משה קוקט אין שטוין אויף פלאַמיקן חזיון:
עס גליט ס׳געשטאַלט פון אי״ש אין ליכט פון חשמל-גרין.
ער פאַלט אויף זיין געזיכט און ציטערט פון הכנעה
און זעט, ווי ס׳שטראַלט פון אי״ש דאָס לעצטע אות, די „שין״.

נאָר ס׳זיינען אין צעשטראַל פאַר משה׳ס אויג פאַרהוילן
די אותיות די צווי: דער „אלף״ און די „יוד״.
ער ליגט פאַרשטאַרט אין פּיין, אין פּחדים און אין גרוילן,
ווי ס׳וואָלט זיין לייב געבייטשט אַ פייערדיקע רוט.
ער ליגט און האָרכט אין שטוין און קוקט אין בלויען כדור —
אַ פלאַטערדיקער מאָט — אויף גאָלדיק מדבר-זאַמד —
און פּלוצים שאַלט פון סנה דאָס פייער-קול פון שדי:
— „כ׳בין גאָט, דער גאָט יהוה, פון דיין עברי-שטאַם.
איך האָב געהערט די פּיין פון יעקב׳ס קינדער שרייען,
געזען דאָס לייב געשלאָגענע פון נוגש׳ס האַנט.
כ׳האָב, משה, דיר באַשערט זיי פירן פון מצרים
און ציען איבער מדבר צו דעם לאַנד כנען.״ —

און אָדם הערט, ווי משה בעט זיך ביי דעם בורא,
וואָס רעדט צו אים אין פלאַם פון פלאַקערדיקן סנה:
— „ווער בין איך, אַז אויף מיר געפאַלן איז דער גורל
פאַר פרעה׳ן שטעלן זיך, ווען איך בין אַ כבד־פה?" —
און ס׳ענטפערט אים די שטים פון סנה: —„דו ביזט דער גואל,
כ׳האָב אויסגעקליבן דיך, דערלייזן זאָלסט דיין פאָלק.
גיי זאָג אים — דיך געשיקט האָט אהיה אשר אהיה,
וועט ער זיך צוהערן צום אמת פון דיין קול!" —
און אָדם האָט פאַר פרעה׳ן זיך געשטעלט מיט משה׳ן,
געשלאָגן ס׳מיצרים־פאָלק מיט מכות האָט זיין האַנט.
געוואַלגערט פגרים זיך פון פתום ביז קיין גושן,
ווען ס׳איז אַרויס ישראל פון מצרים־לאַנד.
מיט משה׳ן שפאַנט־אַריבער איבער ים־סוף אָדם
און זעט: עס זינקען פרעה׳ס רייטוואָגנס אין ים —
און ס׳פאָלק ישראל ציט פאָראויס מיט שדי׳ס גנאָדן,
און ס׳פירט אים פייערזייל אויף מדבר׳דיקן זאַמד.
* * *
און אָדם שטייגט־אַרויף מיט משה׳ן אויף הר־סיני —
און פלאַמען־צונגען צישען רונד־און־רונד אַרום,
און וואָלקנס פורעמען אַרויס פון ווייסער פינע
ס׳געשטאַלט פון חיות פיר — אין רעווערדיקן ברום.
און אָדם זעט: אין שפּיל פון פייערדיקע פחדים
ס׳געשטאַלט פון חיות פיר אין רוים זיך טוט אַ הויב:
אַ פנים פון אַ מענטש, אַ פנים פון אַן אָדלער,
אַ פנים פון אַן אָקס, אַ פנים פון אַ לייב.

עס שפאַנען חיות פיר: ווי פלאַקערדיקע צעדער
פון היגלען וואָלטן זיך אַ לאָז געטאָן אין טאָל.
צו פליגלען צוגעהעפט צוויי פלאַמעדיקע רעדער,
און פייערדיקע אויגן — אויגן אָן אַ צאָל.
און איבער קעפּ פון חיות — עולם האצילות —
מיט הימל אייזיק־בלוי, וואָס שטראַלט פון טיפעניש,
אויף כסא פלאַמיקער, אין טלית און אין תפילין,
דער עתיק־יומין זיצט — דער אור־באַשאַפער אי״ש.

און אָדם זעט, ווי ס׳קריצט אויף ווייסן פלאַם גאָט׳ס פינגער
מיט שוואַרצן פלאַם אויף שטיין־לוחות די דיברות צען
און אותיות פלאַקערן, ווי פייערדיקע צינגער —
און משה הויבט זיי אויף מיט ציטערדיקע הענט.
און משה שפאַנט פון באַרג אין שטראַליקער מנוחה
און זעט: צום גאָלדן קאַלב ס׳פאָלק בוקט זיך מיט געזאַנג.
אין צאָרן פינצטערן צעשמעטערט ער די לוחות
און פאַלט אויף זיין געזיכט אין ווייטיק און אין שאַנד.

און אַדם קלייבט־צענויף פאַרגליווערטע, ווי לאַווע,
די לוחות־ברוכשטיקער אין שטיינערנעם צעשאָט —
און לייענט מיט גאַף און שטוין: נישטאָ אין זיי קיין לאַו׳ן,
בלויז עשה׳ס ליכטיקע — אין בונד פון מענטש מיט גאָט:

א.

אָנכי — איך בין אי״ש — דיין שטיצער און דיין רעטער,
איך האָב באַשאַפן דיך — און דו ביזט מיין יציר.
כ׳בין נישט דער איינציקער, חוץ מיר פאַראַן נאָך געטער,
קאָנסט דינען אויך צו זיי — די בחירה איז ביי דיר.

ב.

דער מענטש דאַרף גלויבן פריי. די דאָגמעס פון אמונה
פאַרקנעכטן טאָרן נישט זיין שעפערישן גייסט.
דער מענטש דאַרף פריי זיין, פריי. ס׳טאָר קיינער אַלס ממונה
נישט הערשן איבער אים, אַפילו ווען ער גרייזט.

ג.

ווייל הייליק איז נישט גאָט, נישט מלאַך און נישט שרף,
נאָר הייליק איבער אַלץ איז מענטש — דער צלם־איש.
אויב ס׳דינט נישט גאָט דעם מענטש, איז גאָט — עבודה־זרה,
איז ער אַ פאַלשער גאָט — דער האָר פון פינצטערניש.

ד.

געדענק דעם טאָג פון שבת, האַלט אים ריין און הייליק:
זעקס טעג זאָלסט אַרבעטן, דער זיבעטער — פאַר רו.
און האָבן פון דער רו זאָל יעדערער זיין חלק:
דיין טאָכטער און דיין זון, דיין דינסט, דיין קנעכט, ווי דו.

ה.

און האַלט מיט כבוד אויס דיין פאָטער און דיין מוטער —
דורך זיי דיין קשר איז מיט מיר און דיין באַשער.
און ווען זיין צו זיי אַ וואוילער און אַ גוטער,
וועל איך פאַרלענגערן די טעג דיר אויף דער ערד.

ו.

גאָט׳ס האָב־און־גוטס פאַראַן גענוג פאַר יעדן איינעם:
אויב נישט צעטיילן וועסט די וועלט אויף אָרעם־רייך,
נישט דאַרפן קיינערנישט וועט גנב׳נען ביי קיינעם —
און קלעקן וועט מיין גאָב פאַר אַלעמען באַגלייך.

ז.

עס איז דער מענטש, ווי גאָט — אַ צדיק און אַ רשע,
איך גיב דיר אין רשות דעם יצר־רע וטוב:
דו וועסט, ווי איך, נישט קאָנען צווימען גלוסט צו נשים,
איז בלייב נישט שולדיק זיי און סילוק זיי דיין חוב.

ח.

דער מענטש איז פּונקט ווי גאָט — אַ רחום און אַ נוטר,
איז האָב דיין מיטמענטש ליב, אַזוי ווי זיך אַליין,
וועסטו במילא שוין פאַרשפּאַרן אים צו טויטן,
ווען יצר־רע וועט געבן דיר אין האַנט אַ שטיין.

ט.

כ׳האָב אַלעמען באַגלייך אין מיין געשטאַלט באַשאַפן,
קיין חילוק איז נישטאַ צעווישן שטאַם און שטאַם,
דערלאַנג אַ ברודער־האַנט און העלף אין נויט דעם שלאַפן,
און מיט דער חיה פיר אין זיך אַ נצח־קאַמף.

י.

איך שליס מיט דיר אַ בונד אויף אַלע דורות, צייטן.
כ׳בין אי״ש — דיין ברודער־גאָט, און דו ביזט מיין יציר.
דער בונד איז פרייוויליק, דער ברית איז קעגנזייטיק:
ווי דינען דאַרפסטו צו מיר, דאַרף איך אויך דינען דיר.״ —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און משה הויבט זיך אויף — און קריצט אויס דיברות נייע
פון זיבן לאו׳ן און דריי עשה׳ס אַ געמיש.
און אָדם שפּאַנט אַוועק, געיאָגט פון גאָט, דער חיה,
אין שטראַלנדיקער בענקשאַפט נאָך אל־נצח־אי״ש.

יט. אין שיין פון לאָגאָס

און דורות קייקלען זיך, ווי רעדער איבער שטחים,
און פעלקער מערן זיך און שטאַרבן אויף דער ערד.
בלויז אָדם לעבט אין זכות פון בורא׳ס קללה־ברכה,
אַ גרויער וואַנדערער, אַ שטומער אַהאַספער.
און איבער פינצטערע און וויסטע נע־ונד׳ן
באַגלייט אים נצח־אי״ש מיט פאָטערלעכער האַנט.
און אָדם שפּאַנט־אַריין אין ליכטיקער עלאַדע,
אין לאַנד פון זילבער־שיין און העלדישן געזאַנג.
עס שפרודלט באַרג אָלימפּ מיט זונשיין און מיט גבורה,
ס׳ליגט אויסגעשטרעקט אַטען — אַ דימענט צווישן בערג.
און איבער פעלד און וואַלד אין גרינלעכע לאַזורן
אַ יונגער זינגער טאַנצט — דער געטלעכער האָמער.
עס קלינגלט אין זיין האַנט די זינגעוודיקע לירע,
און מאַיעסטעטיש שטאַרט דער רואיקער אָלימפּ.
און ס׳האָרכן־צו אין שטוין צו ריזלדיקער שירה:
דער שיכור׳ער המון און לאַכנדיקע נימף.
און אָדם זעט: דער זינגער שטייגט איבער די הייכן
און נישטערט צווישן שטערן אין די בלויע נעכט,
ווי ס׳וואָלט האָמער געוואַרט שוין יאָרן אויף אַ צייכן,
מיט אייגענעם געמיט אין גבורה׳קן געפעכט.

ביז איינמאָל אָדם זעט: דעם דיכטער ווערט נתגלה
דער סוד דער געטלעכער אין שטערן־שיין געוועב.
האַמער דערזעט אין רוים דאָס אות, דאָס ערשטע אלף —
און ס'שפּרודלט זיין געזאַנג צו גאָט אַפּאָלאָ־פעב.
און ס'האָט האָמער דער וועלט געשענקט די „איליאַדע",
פון שיינקייט מענטשלעכער אַ געטלעכן געשאַנק.
און ס'האָט אַ פלייץ־געטאָן אויף זוניקער עלאַדע,
ווי ריזלדיקער ווין, מיט ליכטיקן געזאַנג.
ווי משה, האָט האָמער די אותיות די אַנדערע
באַמערקן נישט געקאָנט אין בלויער טיפעניש.
און אָדם שפּאַנט אַוועק אין ווייטערדיקן וואַנדער —
און גנעדיק רוט אויף אים דאָס פאַטער־אויג פון אי'ש.

און דורות קייקלען זיך, ווי ליכטיקע גלגלים
אין נצח'דיקער שיין פון לויטערן כעלות —
און אָדם וואַנדערט־אום און וואַרט אויף דער התגלות
פון לעצטן, געטלעכן, נאָך נישט אַנטפּלעקטן אות.
נאָך יאָרן וואַנדערן — צום בערגל פּאַלאַטינער 1)
קומט אָדם אָן און זעט: אין וועלפיש־גרויער פעל
שטייט גבורה'דיקער מאַן — די אויגן פול מיט שנאָה —
און שניצט אַ פלאָקן אויס — און שטעלט־אויף אַ געצעלט.
און אָדם קוקט אויף אים — זיין האַרץ מיט שטוינונג פול איז:
— „ווער ביזטו, מאַן, וואָס מייסטערוועט ס'געווערק? —
און ס'ענטפערט אים דער מאַן: —„מיין נאָמען איז ראָמולוס, 2)
איך וויל דאָ אויפבוי'ן רוים — אַ שטאָט אויף זיבן בערג." —

און אָדם איז זינט דאַן מיט שטאַרקן מאַן פאַרבליבן,
געהאָלפן האַקן שטיין און טעסען האָלץ מיט דלאָט.
די יאָרן יאָגן זיך — און אויפן נחל טיבער
איז אויפגעוואַקסן רוים — אויף זיבן בערג אַ שטאָט.
און איינמאָל אַ פאַרטאָג איז אויפגעשטאַנען אָדם,
אַרוים פון זיין געצעלט אויף רוימער קאַפּיטאָל
און זעט: ראָמולוס קניט אין גרוילן און אין פחדים,
ווי ר'וואָלט דערבליקט אַ סוד אין הימלישן קופּאָל.
און קניענדיק, דערזעט ראָמולוס לעצטן שפּליטער
פון נאָמען געטלעכן, דאָס צווייטע אות, די „יוד" —
און ס'הילכט־אָפּ איבער בערג: — 'אָ, מעכטיקער יופּיטער,
איך שליס מיט דיר אַ בונד פון גבורה און פון בלוט!" —

---

1) פּאַלאַטין — איינס פון רוימ'ס זיבן בערגלעך.
2) ראָמולוס — אויפבויער פון רוים.

און אָדם שפּאַנט־אַראָפּ פון בערגל קאַפּיטאָליער,
געפירט פון פייערזייל דורך טיפער פינצטערניש.
און ס׳קלינגט מיט פרייד זיין קול אין פלאַטער פון מזלות:
— „אַנטפּלעק מיר לעצטן סוד, אָ, נצח׳דיקער אי״ש!״ —

און אי״ש פון תוהו־תכלת ציט־אַרוים: די למד,
די אַלף, גימל, אַלף, סמך — אותיות פינף —
און סדר׳ט זיי צעגויף און פאָרט פון זיי צוזאַמען
אַ וואָרט אַ פלאַמעדיקס, מיט נאָמען לאַגאָס־זיין:
— „די למד וואָס באַדייט? לאַטיין — די שפּראַך פון רוימער,
אַ פאָלק, וואָס וועט אַמאָל באַהערשן גאָר די ערד,
באַשאַפן דאָס געזעץ, פאַרהערלעכן דעם חומר —
און ווערן גרוים און רייך פון פּלינדער און צעשטער.
די אַלף מיינט אַראַמיש־עברי׳ש — שפּה־חיה.
די שפּראַך פון תלמוד, ס׳לשון פון תנ״ך,
אַ פאָלק, וואָס וועט אין נצח־שטאָט ירושלים
געבערן תורה׳ס דריי, נישט בייגן זיך פאַר מאַכט.
די גימל — גריכיש מיינט, עלאַדע׳ס ליכטיק לשון,
אויף אים וועט לידער זינגען געטלעכער פּינדאַר,
מיט געטער שמועסן די דענקער און די פאָרשער
עווקליד און עווריפּיד, אַריסטאָ און פּלוטאַרך.

— „די אַלף מיינט אַראַביש—שפּראַך פון מדבר־וואַנדערער,
אַ שפּראַך, וואָס שענקען וועט די ציפערן דער וועלט,
אַ פאָלק, וואָס טראָגן וועט פון איין לאַנד אין דעם אַנדערן
זיין מדבר׳דיקן גאָט, ווי מילך —אין ציגן־פעל.
די סמך מיינט סומעריש — עלצטע שפּראַך פון בבל,
אַ פאָלק, וואָס וועט פון טייך הדקל ביזקל פּרת
פאַר דורות אויסקריצן אויף מירמלשטיינער־טאָוולען
פון לאַגאָס געטלעכן דעם ערשטן פייער־אות.
דער יוצר איז נישט גאָט. דער יוצר ביזטו, אָדם:
דו האָסט באַשאַפן מיך — דיין דמות און אַנטיפּאָד,
נאָר נישט דערשאַפן נאָך אין ספיקות און אין חשדים, —
וועט זיין דעם מענטשנ׳ס עובדאָ צו דערשאַפן גאָט.
און זיין וועט זיין: ביים סוף פון אלף פון השישי
פון לעצטן חורבן אויפשטיין וועט געבענטשטער מאַן —
און אומברענגען וועט ער דעם אומיושר און רשעות,
פאַראייניקן די וועלט: איין גאָט, איין פאָלק, איין לאַנד.״ —

אויף מאָרגן אָדם איז אַוועק אויף נייעם וואָגל
צו זוכן אותיות דריי אין אין־סוף טיפעניש —
און זיי פאַראייניקן דורך פלאַמענדיקן לאַגאָס
אין פריידיקן אחד, אין נצח׳דיקן אי״ש.

א. ב. א.
(אלישע בן־אַבויה)

# ר ו י ם

## א. צאַרטע שנאה

### 1. רחל — לופּיאַנאַ

אין רוים, אין קרוינשטאָט פון טיראַנען,
וואו ס׳פאַרט זיך הפקר מיט עקסטאַז,
צוויי יאָר וואוינט רחל-לופּיאַנאַ,
אַ פרוי מיט אויגן — גרין, ווי האָס.
אין פּאַלאַץ, צווישן צוועלף ציפּרעסן —
אַ גאָלד׳נע פּאַווע אין אַ שטייג —
בענקט אַדריאַנוס׳עס מעטרעסע
נאָך קיסריה — בענקט און שווייגט.
און נאַכט נאָך נאַכט אין ראָזן אַלקער,
צום נדר אייגענעם פאַרשקלאַפט,
זי טראָגט מיט ווערדע, ווי אַ מלכה,
דעם גורל פון אַלמנה׳שאַפט.
מיט ליבע-וויין איר האַרץ איז שיכור,
מיט סם פון תאווה — אירע נעכט —
און ס׳ווערט צעפליקט איר האַרץ אין שטיקער
אין ליבע-תאווה׳יקן געפעכט.
ווי שלענג, פאַרלאַנגען ציִשן, ציִשן
אויף אירע אַכט-און-דרייסיק יאָר —
און ס׳פאַלט איר טרער אויף ווייסן קישן
און נעצט די ברוין-פאַרשנייטע האָר.

און יעדן שבת, ווי צו מעסע
אין טעמפּל — פאַרן גאָט פון ליכט —
קומט אַדריאַן צו זיין מעטרעסע,
און ס׳צוקט דאָס מאָגערע געזיכט.
און יענע נאַכט — אין ראָזן אַלקער
זי איז זיך מתיר שווערן לאַו —
און שענקט דעם קיסר, ווי אַ מלכה,
איר ליכטיקע אַלמנה׳שאַפט.
פון רחל׳ס מאַנדל-אויגן גרינע
איז ווי פאַר׳כישופט אַדריאַן:
ער האָט פאַרגעסן שוין סאַבינאַ׳ן 1)
און זיין מלוכה׳שאַפט אין וואַן.
און ווען ס׳פאַרלאָזט זי אַדריאַנוס
נאָך נאַכט פון לוסט, אַ שפּראָץ אויף טאָג,
זי קניט — די פּריסטערין פון יאַנוס —
און קושט אַלישע׳ס צעדערשטאָק.

---

1) סאַבינאַ — קיסר אַדריאַנ׳ס ווייב.

צוויי יאָר שוין — פלאַמיקע עקדות —
זינט ס׳האָט אלישע מיט פאַרדראָס
אויף פייכטער ערד, אין נאַכט פון שיידונג
דעם צעדערשטאָק ביי איר געלאָזט.
ווען ס׳האָט צום לעצטן מאָל אלישע
אין פיין געקניט ביי אירע פיס,
האָט זי פאַרטריבן אים מיט רשעות,
מיט ווערטער, ווי אַ שלאַנגנביס:
— ׳דו ביזט פאַרשאָלטן בן־אַבויה,
׳דיין ליבע — אַ פאַר׳סמ׳טער קוואַל.
׳גיי, הענג זיך אויף אויף אַ רצועה
׳צוזאַמען מיט גאָט׳ס דריי־געשטאַלט !׳ —
און שפּעטער האָט זי אים געשריבן:
— ׳פאַרגעס דיין פוסטן געטער־טרוים...
׳איך זוך קיין אייביקייט אין ליבע...
׳כ׳וועל ווערן צעזאָרין פון רוים.׳ —
איצט ברענט איר האַרץ אין צאַרטער שנאה
אויף פלאַם פון אָנגעוואוירן גליק —
און ס׳טריפט אַ טרער פון אויגן גרינע:
וועט זי געווינען אים צוריק ?
זי קוקט פאַרבענקט דורך טורעם־שויבן:
אין גרינער טראַכט בליט פלאַנץ און בוים,
אויף סקווער באַזונטן טירקלען טויבן —
אלישע קומט היינט אָן קיין רוים.
זי רופט אַריין אַ יונגע שקלאַפין
און גיט איר האַסטיק אַ באַפעל:
— „עס קומט היינט אָן אַ גאַסט אין האַפן,
איז גיי — און ברענג די נייס מיר שנעל.״ —

## 2. אלישע שטעלט זיך פאַרן קיסר

עס יובלט שטאָט פון געצנדינער,
אויף זיבן היגלען יובלט רוים:
דאָס יאָר פון טרויער נאָך סאַבינאַ׳ן
פאַרביי איז, ווי אַ וויסטער טרוים.
פלאַטאַנען בליען, ווי די ווייערס,
אין גרינעם, פרילינגשן צעשטראַל.
פאַטריצער גרייט זיך און פלעבייער
צום גרויסן זומער־פעסטיוואַל.
עס יובלט רוים, נאָר אַדריאַנוס
ז׳פאַרשפּאַרט אין ווילאַ הינטער שטאָט:
ער וואַרט אויף דעם יודעער תנא,
וואָס חלום׳ט דריי־געשטאַלט פון גאָט.

זינט ס׳האָט דער קיסר בן-אַבויה׳ס
אַדורכגעלייענט „אי״ש-טראַקטאַט״,
האָט ער דערשפּירט: עס ווערט מקוים
זיין טרוים פון מענטש-און געטער-שטאַט.
פון אַלע געטער צו געפינען
דעם איינציקן, דעם וואָרן גאָט —
און פאַר דער וועלט פון געצנדינער
אַנטפּלעקן אים און זיין געבאָט.
ער טראַכט: — ׳נישט קיסר אַדריאַנוס
׳האָט עס באַוויזן, נאָר אַ איד:
׳אלישע — דער יודעער תנא —
׳מיט הילף פון פילון און עווקליד.׳
ער איז מקנא בן-אַבויה׳ן —
און קנאָה איז — ווי שלאַנגען-ציש.
איצט וואַרט ער אויפן ערשטן שמועס
מיט שאַפער פון דער „תורת-אי״ש״.
אין הויף צעשאַלט זיך אַ טרומייטער.
די טיר זיך עפנט מיט צעפראַל.
אלישע שפּאַנט מיט צוויי באַגלייטער
אַרויף אויף מירמעלנעם פּאַרטאַל.
אויף טראָן-שטול, אין אַ קלייד פון סאַמעט,
מיט אומרו אַדריאַנוס וואַרט:
אין קלוגע אויגן גליען פלאַמען,
אַרום די ליפּן — טיפער צער.
אין אָרעם קלייד פון פילאָסאָפן,
בלייבט שטיין אלישע אויפן שוועל.
דאָס קול — הכנעה׳דיק און שפּל,
נאָר ווי אַן אָדלער, ז׳שטאָלץ זיין שטעל:
— „אָ, אימפּעראַטאָר אַדריאַנוס,
דער לייב פון רוים, פון וועלט — די פרייד,
דערלויב אַ קוש-טאָן מיר, דעם תנא,
דעם זוים פון מלכות׳דיקן קלייד!
געזאָגט אַ מאָל האָט זעער קאַלכאַס 1)
אין בוך פון געטלעכן האָמער:
׳אַז ס׳שטייט אַ שטערבלעכער פאַר מלכות,
׳ווי ס׳וואָלט פאַר גאָט געשטאַנען ער.׳
איך וואַג צו האָפן, גרויסער קיניג,
דו האָסט געלייענט מיין כתב-יד —
און ס׳וועט אַביסל חן געפינען
אין דיינע אויגן מיין ׳טראַקטאַט׳.״ —

1) קאַלכאַס — לעגענדאַרישער חוזה, וואָס ווערט דערמאָנט אין האָמער׳ס „איליאַדע״ בעת דער טראָיאַנישער מלחמה.

ס'שטייט - אויף פון טראָן-שטול אַדריאַנוס
און שטרעקט אלישע'ן אוים די האַנט:
— „נישט קיסר גריסט דעם גרויסן תּנא,
עס גריסט אים דיכטער אַדריאַן.
ס'איז דיינס מיין הויז און מיינע ספרים.
גיי, רו זיך אוים פון לאַנגן וועג.
אויף כּוהן פון דעם גאָט, דעם וואָרן
כ'ווארט מאָרגן פרי אין ביבליאָטעק." —

3. צוויי דיכטער
גערױם דעם קיסר'ס ביבליאָטעק איז.
פאַראַן איז אַלץ דאָ ביי דער האַנט.
די זון וואַרפט שטראַלנדיקע פלעקן
אויף פאַרמעט, בוך און פאָליאַנט.
דער קיסר — אין אַ ווייסער טאָגע,
מיט גרויע, געקאַרבירטע האָר
סקאַנדירט מיט פּאַטאָס, בהדרגה,
ווי אַ פאַרעלטערטער אַקטיאָר.
אלישע זיצט ביים מירמל - טישל
און הערט מיט חידוש און פאַרטרוי:
— „איך וועל דיר פאָרלייענען, אלישע,
מיין ליד „אויף טויט פון אַנטינאָי: 1)

— „איך זינג אַ געזאַנג אויף דער גאָלדענער לירע,
ווי דער זינגער דער זיסער אָרפיי.
זאָל הערן דאָס קול פון מיין ליכטיקער שירה
סענאַטאָר, טריבון און פלעביי.
אין לאַנד, וואו עס חלום'ען מענטשן - מלאָכים
וועגן הימלען אין פרילינגשען בלוי,
געלעבט האָט אַ שלאַנקער, אַ ליכטיקער בחור,
זיין נאָמען — ווי מירט: אַנטינאָי.
זיין קאָפּ — ווי אַן אָדלער מיט פליגלען צעשפּרייטע,
ווי מירמעלנע זיילן — די פיס,
זיין קול — ווי דער קלאַנג פון דער וואַלדישער פלייטע
אין קאַרשיקן מויל פון נאַרציס.
די באַקן — ווי רויזן, געקרייזלט די לאָקן,
באַדעקט מיט פרימאָרגיקן טוי.
די אויגן — ווי סאַרנעס פאַרגאָפט און דערשראָקן,
דער גוף — ווי אַ צערטלעכע פרוי.

---

1) אַנטינאָי — אַ שיינער בחור, אין וועמען דער קיסר אַדריאַנוס איז געווען פאַרליבט און מיט וועמען ער האָט געפּראַוועט משכּב־זכר. אַנטינאָי איז דערטרונקען געוואָרן אין טייך נילוס — און אַדריאַן האָט אויפגעשטעלט אַ טעמפּל אין זיין אָנדענק.

— „זיין נאָז — ווי דער טורעם פון רייכן מעצענאַס,
זיין מויל — אַ צעהאַלבטער גראַנאַט.
ווען זי האָט אים דערזען, האָט די ליכטיקע ווענוס
געציטערט פון לוסט, ווי אַ בלאַט.
געשמעקט האָט זיין גוף, ווי די בלעטער אַלאָע 1),
ווי פייער — דער קוש פון זיין ליפּ.
האָט געליבט אַדריאַן מיט אַ לוסט אַנטינאָי׳ען,
ווי ר׳האָט קיינמאָל קיין פרוי נישט געליבט.
האָט ווענוס באַפוילן איר דינערין לילית,
דער פינצטערער, זינדיקער פרוי:
זי זאָל אים פאַרלאָקן אין כוואַליעס פון נילוס —
דעם געטלעכן יונג אַנטינאָי.
האָט ער זיך געוואָרפן אין כוואַליקע שוימען —
און ער איז געזונקען צום גרונט —
און טויט זיינען, טויט אַדריאַנוס׳עס טרוימען,
זיין האַרץ — אַ פאַרלאָשענע זון.
— „און לאַנג אַדריאַן איז ביים נילוס געשטאַנען,
געשיקט צו די געטער אַ פלוך:
׳דאָס זייט איר מקנא געווען אַדריאַנ׳ען
׳אין פינצטערער אייפערזוכט.
׳פאַרשאָלטן זאָל ווערן זיין טאָג פון געבוירן,
׳זיין ז י י ן, וואָס איז פינצטער און וויסט:
׳עס האָט ווי אַ רויבער באַרויבט אים דער גורל,
׳ווייל טויט איז זיין זיסער נאַרציס.
׳און וויפיל עס איז נאָך באַשערט אים צו טראָגן
׳דעם עול אויף דער פינצטערער ערד —
׳זיין האַרץ וועט נישט מיד זיין צו וויינען און קלאָגן,
׳און טריפן וועט אייביק זיין טרער.
׳הויבט-אויף אייער קלאָג, אָ, איר בתולות פון וועסטאַ
׳באַדעקט אייך די קעפּ מיט גרוי:
׳ווייל טויט איז דער שענצטער, ווייל טויט איז דער בעסטער,
׳ווייל טויט איז דער גאָט אַנטינאָי.׳׳ —

## 4. דעם קיסר׳ס גנאָד

עס טוט אלישע׳ס האַרץ אַ פלאַטער,
ווי ס׳וואָלט געבלוטיקט אונטער טלוי:
— „ס׳איז געטלעך, אויגוסט, אימפּעראַטאָר,
דיין „ליד פון טויטן אַנטינאָי״.
אַ שמייכל גליט אויף קיסר׳ס פּנים.
די אויגן לויכטן אין פאַרגאַף:
— „איך שענק דאָס ליד דיר אַ מתנה,
געשריבן מיט מיין אייגן כתב.״ —

---

1) אַלאָע—אַ שמעקעוודיקער פלאַנץ, וואָס גיט אַרויס אַ פיינעם ריח.

ער שפּאַרט זיך אָן אין מירמל-טישל.
די אויגן ברוינען, ווי אַגאַט:
— „דערציייל מיר, פריינט מיינער, אלישע,
וואָס איז דער תמצית פון „טראַקטאַט״? —
אלישע׳ס אַפּלען, ווי די זונען,
צעלויכטן זיך פון קיסר׳ס גנאַד:
— „אין פּלוריבוס, וואָס דעאי, אונום —
פון אַלע געטער — איינס — אחד!״ —

דער קיסר מאַכט אַ צוויי-דריי שפּאַנען
און הויבט אַ פּאַרמעט אויף פון טיש:
— „כ׳וויל בעטן דעם יודעער תנאַ,
ר׳זאָל לייענען מיר זיין „תורת-אי״ש״.
כ׳וויל פון דיין אייגן מויל דאָ הערן
דעם הויכן דמיון פון „טראַקטאַט״.
ס׳וואָלט גוט געווען: דיין גרויסע לערע
פאַרוואַנדלט ווערן זאָל אין טאַט.״ —

אלישע נעמט דעם גרויען פּאַרמעט,
צעוויקלט אים מיט שרעק און פרייד.
ער איז צעליכטיקט און צעוואַרעמט
פון קיסר׳ס חברישע רייד.
ער לייענט מיט אַ גמראַ-ניגון,
— אַ גלגול פון דער ווייטער היים —
ווי ס׳וואָלטן אָדלערישע פליגל
געטראָגן אים אין בלויען רוים.
ער ענדיקט. ווי אַ גוטער טאַטע,
דער קיסר נעמט אים ביי דער האַנט:
— „נישט רוף מיך אויגוסט, אימפּעראַטאָר,
דו רוף מיך פּשוט — אַדריאַן.״ —

5. מנוחה

ס׳איז וואוילגעפעלן אַדריאַנ׳ען
אלישע׳ס תורה און געבאָט,
האָט ער באַזעצט יודעער תנאַ
ביי זיך אין ווילאַ הינטער שטאָט:
— „דאָ קאָנסטו זינגען זיסע שירה
אין זוניק-בלויע זומער-טעג,
דאָ קאָנסטו דורך די נעכט שטודירן —
ס׳איז דיינס דאָס הויז און ביבליאָטעק.״ —
געבענטשט זיי, ליכטיקע מנוחה,
נאָך לאַנגען, שווערן נע-ונד!
דער קיסר קומט אים אָפט באַזוכן
און לערנט פלייסיק „אי״ש-טראַקטאַט״.

אלישע לייענט אים פאַר האָמער'ן,
די „טריסטיאַ" - לידער פון אָוויד.
עס האָט דער קיסר ליב צו הערן,
ווי ס'לייענט די קלאַסיקער דער איד.
דער קיסר שענקט אים נייע טאָגע —
פון גאָלד און זיידנס אַ געמיש:
— „איך קרוין פאַר פריסטער דיך פון לאַגאָס,
פאַר כוהן פון דער „תורת-אי'ש".
גיי, רו זיך אויס, מיין פרינץ יודעער,
מיין זיסער זינגער פון פאַרנאַס.
וועסט מאָרגן זיין אין קאָליזעאום
ביים פעסטיוואַל מיין ערן - גאַסט!" —
אלישע דאַנקט. זיין האַרץ — אַ כנור,
זיין קאָפּ — אַ פלאַטערדיקע פאָן.
דער קיסר לאָזט אים דריי באַדינער,
צוויי ווייסע פערד און פאַעטאָן.

## 6. אין קאָליזעאום

עס פלאַקערט רוים אין בין - השמשות —
אַ פלאַמיקער אויטאָ - דאַ - פע.
קאָלירטע פלאַטערן הלבשות
אין אָנגעפּאַקטן קאָליזעי.
עס ווייען באַנערס, ס'ברענען פאַקלען:
מיט צימבל - שפּיל, טרומייטער - שאַל,
מיט ערשטן פון די פינף ספּעקטאַקלען
היינט עפנט זיך דער פעסטיוואַל.
פון גאַליע, סוריה, יהודה,
פון סקיפיע און גריכנלאַנד —
געקומען געסט צו גרויסער סעודה
אויף רוף פון קיסר אַדריאַן.

אין ערשטער לאָזשע — גאָלדיק - גרינער,
באַזוימט מיט שפּיצן פון קאַרמין,
זיצט אַדריאַן — און אַנטאָנינוס
און לוציוס - עליום — זיינע זין.
אויף רעכטער זייט — פון רויש צעטראָגן,
מיט שררות — אויף באַצירטע בענק —
אלישע זיצט אין נייער טאָגע,
וואָס ס'האָט דער קיסר אים געשענקט.

אויף לינקער זייט — אין אַ באַנדאַנע,
אין קלייד פון גאָלדענעם בראָקאַט,
אַ שטאָלצע — רחל - לופּיאַנאַ
זיצט אויסגעטראָצט, ווי אויף פּאַראַד.

און לעבן איר — די צוויי באַגלייטער:
דער קוועסטאָר 1) שעצאַל — דער האָרבון.
און ס'הויערט איבער איר — דער צווייטער,
אַליפּוס קרעטוס — דער טריבון.
און הינטער זיי — אַמפּיטעאַטער
און רווישנדיקער קאָליזעי:
אין לאָזשעס — קאָנסול און סענאַטאָר,
אויף בענקלעך — בירגער און פּלעביי.
אין טאָל, אויף זאַמדיקער אַרענע,
אַ ליקטאָר 2) לאָזט אַרויס אַ שאָל:
— „אַ, אַווע צעזאַר, רוימער, מענער,
סאַלוט דעם זומער־פעסטיוואַל!" —
עס בלייבן זיצן, ווי פאַרטאַיעט,
אַ רגע — אַכציק טויזנט מאַן —
און אַכציק טויזנט גאָרגלען שרייען:
— „סאַלוט דעם קיסר אַדריאַן!" —
אַ שאַל — און ס'עפנט זיך ספּעקטאַקל:
עס טאַנצן מיידלעך — הויל און בלויז.
עס טוט דער עולם זיך אַ וואַקל
אין הייסן, תאווה'דיקן ברויז.
נאָך זיי — פאַרמעסט פון גלאַדיאַטאָרם:
אַ סקיף, טעווטאָנער און הינדוס —
אַ וויג זיך טוט אַמפּיטעאַטער,
און ס'קנאַקן צינגער פון געניט.
און מיטאַמאָל — דערשפּירט אלישע
ביים זייט שטייט שעצאַל — דער האָרבון.
די ווערטער זיינע צישן, צישן,
די אַפּלען גליען — ווייס און רונד:
— „זאָל זיין געגריסט יודעער תנאַ,
וואָס איז געניט אין שריפט און שפּרוך,
ס'פאַרבעט מאַטראָנע לופּיאַנאַ
צו זיך אין לאָזשע אויף באַזוך!" —
אלישע קוקט אויף אים משונה.
זיין ענטפער העפלעך איז און שלוי:
— „ס'פאַרבאָט דער חוק פון מיין אמונה
צו טרעפן עפנטלעך אַ פרוי!" —
אלישע זעט: אַ ווילדע לייבין
די ליפּן רחל בייסט ביז בלוט.
דער עולם רעוועט צום פאַרטויבן
צו גלאַדיאַטאָרם אַ סאַלוט.

---

1) קוועסטאָר — מלוכה־קאַסירער.
2) ליקטאָר — אַ רוימישער וועכטער, וואָס היט דעם קיסר.

## ב. חנה

### 1. אַ פונק פון גאָט׳ס יציר

אין נעכט לבנה׳דיקע, קילע,
ווען בלומען טריפן אַראָמאַט,
אלישע שרייבט אין קיסר׳ס ווילאַ
דעם צווייטן טייל פון „אי׳ש - טראַקטאַט״.
זיין רעיון שפּיזלט נאַכט פון תוהו
און זוכט דעם סוד פון ערשטער שולד:
— ׳נישט לערן חכמה זיך ביים כוהן,
׳ביים הדיוט לערן זיך געדולד.
— ׳אין קיסר, צדיק און רוצח
׳פאַראַן אַ פונק פון גאָט׳ס יציר.׳ —
עס גרייכט די נאָזלעכער דער ריח
פון זיסן, שמעקעוודיקן מירט.

ער הויבט זיך אויף. באַגינען טובל׳ט
דער סאַד אין בלויען טויען-טריף.
אין מאַרך בליצט - אויף זיין ווייטע קרובה,
וואָס האָט געשריבן אים דעם בריוו.
אין אויער קלינגט דער נאָמען חנה —
אַ זיסער הויך פון גליל - ערד.
ער ווייסט: אויף וויאַ - טעראַפּאַנאַ
זי וואוינט ביים עק פון טיטוס - סקווער.

אויף מאָרגן האָט ער זיך געפעדערט,
זיין קרובה חנה אָפּגעזוכט.
אין רייכן הויף — אַליי פון צעדער
און בוש און בוים, באַשווערט מיט פרוכט.
אלישע וואַרט אין אויפנאַם - צימער.
די רגע׳ס פליסן זיס, ווי מירט.
אַהינטער וואַנט — געדעמפטע שטימען,
און ס׳טוט אַן עפן זיך די טיר.

אויף שוועל — אַן אתרוג, אַ מהודר,
אַ שלאַנקער גוף אין שוואַרצן קלייד.
פון טיפע, ברוינע אויגן שפּרודלט
עניוות, מילדקייט, צער און פרייד.
אלישע הויבט זיך אויף פון לען - שטול
און שפּאַנט פאָראויס אַ צוויי - דריי טריט.
אין האַרצן יערט אַ זיסע בענטשונג,
ווי ערב אויפפראַלונג פון ליד.

אין הייסן, איינגעצוימטן שווייגן
די רג׳ם טריפן — זים, ווי וויין.
אין אירע אויגן — שטוין און נייגיר,
געמישט מיט טרויעריקער שיין.
אלישע׳ם אויגן רוען, רוען
אויף דעם פּאָר׳כישופטן׳ן געשטאַלט.
ער הערט: — „אלישע בן - אבויה!" —
איר קול — אַ זינגעוודיקער קוואַל:

— „אַ גאַסט אַזאַ פון וויטן גליל!
איך האָב געוואוסט, דו ביזט אין רוים,
נאָר כ׳האָב אַפילו נישט גע׳חלום׳ט,
אַז דו געדענקסט מיך פון דער היים.
איך בין נישט ווערט דעם גרויסן כבוד...
דער תנאָ... דאָ... ביי מיר אין הויז!" —
אלישע שטייט אין בגדי - יון.
חרטה שלאָגט אים, ווי אַ פויסט.

## 2. הודו לדושם כי טוב

ער זעצט אַוועק זיך קעגן חנה׳ן,
זיין האַרץ — אין פלאַטערדיקן גלי.
ער קוקט אויף אירע הענט — ווי שוואַנען
מיט ווייסע פליגל — גרייט צום פלי.
זי שטאַמלט שטיל: — „פאַרגיב... אלישע...
פאַר שרייבן... יענעם בריוו... צו דיר...
ס׳איז, גלויב מיר... נישט געווען... קיין רשעות,
נאָר בלויז... אַ וואָרנונג... קעגן איר.. " —
זי קומט צו זיך: — „ווי אויפגעטרייסלט
געווען איז רוים פון מלכה׳ס טויט!
מ׳האָט דאַן געשראָקן זיך: דער קיסר
פאַר רחל׳ס זינד אַ שטראָף אונדז גרייט.
אַ דאַנק און לויב דעם בורא - עולם:
ס׳איז אַלץ דאַן אָפּגעגאַנגען גלאַט.
אַ יאָר אַוועק — פון שרעק און גרוילן
געבליבן בלויז אַ בייזער טשאַד." —

אלישע הערט. אויף שויבן וויאַנען
די לעצטע שטראַלן פון דער זון:
— „אַ דאַנק פאַר יענעם בריוו דיר, חנה.
און דו? וואָס מאַכסטו און דיין זון?" —
זי גיט אַ פלאַטער מיט די וויעס.
אין אַפּלען צינדט זיך פיין און גרויל.
אַזויפיל גוטסקייט, צער און צניעות
אַרום איר וויינשלדיקן מויל.

— „כ׳געדענק דיך נאָך פון פריעסטער יוגנט,
פון מגדל — ביים כנרת-ים,
דיין שטאָלצנעם גאַנג, דיין בליק דעם קלוגן,
דעם שטאָלצן יחוס פון דיין שטאַם.
כ׳געדענק: דו ביזט געווען צו רחלע׳ן
פאַר׳קנס׳ט פון פריער אײנגלשאַפט:
דיין פאָטער האָט זיין רייכן שכן
געגעבן דאַן אַ תקיעת-כף.
און איך? ס׳האָט מיך פאַר׳קנס׳ט דער טאַטע
צו דוב׳ן — צו אַן אַלטן מאַן.
געהאַנדלט ר׳האָט מיט זייד און אַטלעס
און מיך געבראַכט אין נכר-לאַנד.

— „ס׳איז גוט געווען צו מיר דער גורל:
מיין מאַן איז רייך געווען און פרום.
איך האָב אַ זון פון אים געבוירן,
איז ער — אוריאל — אַ בעל-מום.
ס׳האָט גאָט געמאָנט ביי אונדז אַ קרבן...״ —
און ס׳קרימט זיך ווייטיקדיק איר ליפּ:
— „דריי יאָר שוין, ווי ס׳איז דוב געשטאָרבן,
נאָר, גלויב מיר, כ׳נעם אַלץ אָן פאַר ליב.״ —

זי קוקט — אַ ליכטיקע, באַרוטע,
אַ ים מיט ליבשאַפט אין איר בליק:
— „אַ פרוי דאַרף זיין אַ ווייב, אַ מוטער,
פאַר דורות ווייטערע אַ בריק.
און דו, אלישע... — ס׳פּנים חנה׳ס
מיט צער פאַרצויגן ווערט און בלאַס:
— „איך האָב געהערט, ס׳האָט אַדריאַנוס
דיך איינגעלאַדן פאַר זיין גאַסט.״ —

איר קול — אַן אָנגעפּלאַצטע סטרונע —
איז פול מיט טרויער און געבעט:
— „מע שמועסט: די אידישע אמונה
פאַרביטן האָסט אויף רוימער געץ.
אַנטשולדיק מיר — אַ פּראָסטער אשה.
און מיינע רייד נישט נעם פאַר בייז:
איך גלויב עס נישט אויף דיר, אלישע —
פאַר דיר איז אָפן דאָ מיין הויז.״ —
ער הויבט זיך אויף. די אויגן שטראַלן.
ס׳באַגלייט אים חנה ביזן הויף.
עס זינגט זיין האַרץ אַ זיסן הלל.
— „הודו לדושם כי טוב!״ —

## ג. אַ באַזוך

### 1. אַ פרוי אין אַ שלייער

עס קריכן וואָכן, ווי די פרידה'ס,
מיט פּעק באַלאָדן — באַרג-אַרויף.
אלישע גריבלט זיך אין סודות
פון יצר-רע און יצר-טוב.
ער איז אין רוים שוין צוויי חדשים —
און גוט צו אים איז אַדריאַן.
דער שפּעטער זומער-בין-השמשות
אויף שויבן שטאַרבט אין וועלק-און-וויאַן.
אלישע זעט: ביים ווייסן טויער
אַ רויטע טראָג-שטול שטעלט זיך אָפּ.
עס קומט אַרויס אין שוואַרצן שלייער
אַ שלאַנקע פרוי מיט שטאָלצן קאָפּ.

זיין האַרץ — אַן אויפגעשפּילטער כנור —
בלייבט מיטאַמאָל פאַרגליווערט שטיין.
דורך פּאַרטיקאָ זי פירט אַ דינער
פאַרביי עמודים עלפנביין.
פון הינטער מירמעלנער קאָלאָנע
וואַקסט-אויס דער דינער — הויך און דאַר:
— „אַ יונגע, ווירדיקע מאַטראָנע
וויל זען דעם יחוס'דיקן האַר!" —
מיט טריט געמאָסטענע און שלויע
דער אַלטער דינער שפּאַנט אַוועק.
די שלאַנקע פרוי אין שוואַרצער שלייער
בלייבט שטיין אויף שוועל פון ביבליאָטעק.
ער גייט פאַראויס אַ צוויי-דריי שפּאַנען.
זי דעקט ס'געזיכט אָפּ פלינק און צאַרט:
עס שמייכלט רחל-לופּיאַנאַ —
און ס'שטעלט זיך אָפּ אלישע'ס האַרץ.
און אַלע לאו'ן און נדרים
צעשמעלצן זיך, ווי טוי — אויף זון.
זי טוט אַ פאַל אין זיינע אָרעמס —
און ליפּן שליסן זיך אין בונד.

זיי שטייען לאַנג אינמיטן חדר,
פאַר'חלש'טע פון ליבע-פרייד —
צוויי גופים — פלאַמיקע עקדות,
איין האַרץ — אַ זינגעוודיקע פלייט.
פאַרדראָס און שנאה'שאַפט פאַרשוואונדן,
ווי אַ צעשטאָכענער פּוכיר.

פאַרהיילט האָט אַלע, אַלע וואונדן
דער איין - און - איינציקער באַריר.
די זייל פון צייט זיך קרישלט, קרישלט
אין פריידיק - וויטיקדיקן וואַן.
אויף ליפּן שוימט איין וואָרט: „אלישע!",
וואָס ווידערהאַלט זיך נאָכאַנאַנד.
פאַרגעסן געטלעכע הבטחות
און איבער ליבע שנאה׳ס זיג.
ער חזר׳ט וואַנזיניק: — „מיין רחל,
מיין ליכטיק - אויסגע׳חלומ׳ט גליק!" —

ער נעמט זי צערטלעך ביי דער טאַליע
און זעצט אַוועק זי אויף דיוואַן.
זי קלאַמערט זיך אָן אים פאַר׳חלש׳ט
מיט הייסער, פיבערדיקער האַנט.
די אויגן — גרין, מיט לוסט פאַרלאָפן,
ווי אַ פאַרוואַלקנטער באַסיין.
דאָס זיסע מויל — האַלב - צו, האַלב - אָפן
מיט הייסן גרינץ אויף ווייסע ציין:
— „כי נשרף תחת לבי בשרי..." — 1)
איר האַרץ פולסירט אין זיינע הענט.
איר לייב — ווי פרישע זאַנגען קאָרן
פאַר זיינע אויגן טוט אַ בלענד.
זי שטאַמלט: — „האַר מיינער... מיין תנאַ...
מיין מאַן... מיין חתן... מיין באַשער!..." —
עס טוט אַ בליץ אין מוח חנה —
און ס׳קעפּט דער דמיון זיין באַגער.

## 2. דער אויסגערונענער חלום

ביים פענצטער שטייט און שווייגט אלישע
און בייסט ביז וויטיק בלייכע ליפּ.
ער הערט, ווי רחל צישעט, צישעט:
— „מיין חתן האָט מיך מער נישט ליב?" —
איך ווייס, כ׳האָב קעגן דיר געזינדיקט:
כ׳האָב נישט געענטפערט אויף דיין רוף.
האָסט מיך באַשולדיקט, ווי אַ בלינדער,
אין טויט סאַבינאַ׳ס אָן שום פּרואוו.
עס איז נישט אמת! ס׳האָט אַ בלעם
מיט בילבול - צונג, ווי פייער - פלאַם,
דיר אָנגערעדט אַ ים רכילות,
וואָס האָט דיך קעגן מיר פאַר׳סמ׳ט.

---

1) כי נשרף תחת לבי בשרי—מיין האַרץ ווערט אין מיר פאַרקוילט.

— „געווען אַ שלאַנג איז זי, סאַבינאַ,
פאַרזויערט, אויסגעדאַרט און שוואַך.
האָט אַדריאַן מיט וויסטער שנאָה
געצאָלט איר פון דער חופּה־נאַכט.
זי האָט פאַרנאַרט אין אירע נעצן
דעם יונגן, שיינעם אַדריאַן —
און אים געמאַכט פאַר יורש־עצר
פון פעטער אירן — פון טראַיאַן. 1)
זי האָט געליטן פון אַ מחלה,
וואָס האָט פאַרצערט זי, ווי אַ קנויט.
זי האָט געוואָלט דאָך מיך פאַרטאַכלען,
ביז זי האָט זיך אַליין געטויט.
— „און איצט, ווען ס'האָט, ווי זיבן זונען,
מיר אויפגעלויכטן יוגנט־טרוים,
איז שיינער חלום אויסגערונען:
צו ווערן צעזאַרין פון רוים.
עס שטייט אין וועג מיר אַנטאָנינוס,
דעם קיסר'ס אַדאָפּטירטער זון.
און דו? אין אייפערזוכט און שנאָה
האָסטו צעריסן אונדזער בונד." —

### 3. טויטע ליבע

אין רחל'ס אויגן — גרינער פייער
מיט ליבע מיניעט זיך און צער.
זי זיצט פאַרטאַיעט, ווי אַ חיה,
און וואַרט אויף ענטפער — ווי אַ גזר.
אלישע שווייגט. אין ברוינע אַפּלען
דער טרויער טליעט, הייס און באַנג —
און פּלוצים טוט ער זיך אַ צאַפּל,
ווי ס'וואָלט געביסן אים אַ שלאַנג:
— „דו ביזט גערעכט. אַליין צעשמעטערט
האָב איך אין וואַנזין אונדזער בונד,
ווי ס'האָט אַמאָל די פאַלשע געטער
צעשטערט אין כשדים תרח'ס זון.
געדענקסט, דו האָסט קיין קיסריה
געשריבן מיר מיט שפּאָט און גאַל:
געווען איז יעדער וואָרט — אַ תליה,
און יעדער אות — פון סם אַ קוואַל.
'איך זוך נישט, טייערער אלישע,
'קיין ליבע אין דער אייביקייט:
'אַ רגע רום — פאַר יעדער אישה
'איז מער, ווי גליק אין רוים און צייט.'

---

1) טראַיאַן — רוימישער קיסר פאַר אַדריאַנ'ען.

— „און ס'האָט דער שפּיי מיט סם און ווייטיק
געברידט מיין האַרץ, ווי שלאַנגען-ציש:
איך האָב געמוזט די ליבע טייטן
צו קאָנען שרייבן „תורת-אי"ש".
וואָס ס'זאָל נישט זיין די וואָרע סיבה, —
פאַרביטן האָסט אין משוגעת:
די טאָץ די זילבערנע פון ליבע
אויף שלאַנג אויף בלייערנער פון האַס.

— „און דאַן האָב איך די נייס באַקומען,
אַז ס'האָט סאַבינאַ זיך געס'סמט.:
ס'האָט רוימער לייב גענומען ברומען
מיט שנאה אויף יהודה'ער לאַם.
ס'האָט עמיץ מיר אַ בריוו געשריבן,
אַ מענטש, וועם כ'גלויב, ווי זיך אַליין.
און האָב נישט, רחל, קיין פּאַראַיבל,
דו וועסט דעם נאָמען נישט דערגיין.
ס'איז קלאָר געווען מיר אָן שום ספיקות,
ביזט שולדיק אין סאַבינאַ'ס טויט.
איך האָב געוואַרט, דו זאָלסט עס לייקענען,
אַז מעסט אויף זיך דער מלכה'ס קלייד.

— „עס האָט די נייס, ווי טויזנט בליצן,
מיין האַרץ צעלעכערט און צע'אַש'ט.
כ'האָב דאַן געפרעגט דיך בייז און היציק:
— 'הרצחת וגם ירשת?'

געדענקסט, מיט וויפיל שפּאָט און שנאה
דו האָסט געענטפערט אויף מיין בריוו.
איצט פליסן פון דיין האַרצן קינות
און ליבשאַפט פון די ליפּן טריפט.
איך האָב געוואָלט די גרויע מאַנטיקס
באַצירן מיט אַ שבת-טראַכט.
איך האָב געזוכט אין דיר דעם יום-טוב,
האָסטו מיר גרויע וואָך געבראַכט.

— „צו-שפּעט אַצינד צו פאַלן כורעים,
צו-שפּעט צו היילן איצט די וואונד.
האָב איך געבוקט זיך פאַרן גורל —
און האָב צעריסן אונדזער בונד.
ווי חשוון-פייגל, די באַגערן
צעפלויגן זיינען זיך פון נעסט.
איז לאָמיר האָבן דרך-ארץ
פאַר אונדזער ליבע, ווי אַ מת." —

## 4. אַ פֿאַטאַלער טעות

זי גיט אַ שפּרונג, ווי אַ פּאַנטערע,
געביסן פֿון אַ קלאַפּער־שלאַנג:
איר גרויער לאָק אריבער שטערן —
אַ ווייסער שוואַן — אויף שוואַרצן שוואַן.
— „עס ווייט פֿון דיינע רייד מיט קרירה.
דו רעדסט פֿון קרבן און פֿון פֿליכט.
וואָס ניצן דאָ די קאַלטע חקירות,
צי דו ביזט שולדיק, צי גאָר איך?
לויט דיר קומט אויס, אַז איך בין שולדיק
אין צעזאָרין סאַבינאַ'ס טויט.
איך האָב דיך אויסגעהערט געדולדיק,
כאָטש ס'ברענט אויף מיר פֿון שאַנד די הויט.

— „עס איז נישט אמת! ס'איז דערווידער
שוין לאַנג, שוין לאַנג מיר אַדריאַן:
ער שרייבט סקאַרבאָווע, נודנע לידער
אָן טעם אָן האַרץ און אָן טאַלאַנט.
עס איז דער אַלטער אַדריאַנוס
פֿאַרליבט אין טויטן אַנטינאָי.
ער איז שוין לאַנג, שוין לאַנג קיין מאַן נישט,
ער קאָן בלויז פּייניקן אַ פֿרוי.
און גאַנצע טעג ער טוט באַזינגען
זיין טויטן העלד מיט פֿאַלשן פּאָמפּ.
איך מוז זיך קליידן, ווי אַ אינגל.
ער צווינגט מיך אָפּט צו מעשה־סדום.
מיין מירמל־פּאַלאַץ — אַ בית־עלמין,
וואו ס'עקלט מיך פֿון יעדן גלעט.
און דו ביזט יונג — אַ שלאַנקע פּאַלמע
אין רייפֿער, זומערדיקער זעט.״ —

עס צינדט זיך אָן אַ גרינער פֿייער
אין אירע אויגן — היים און שלוי:
— „איך וויל זיך לאַנג שוין דאָ באַפֿרייען
פֿון אים און טויטן אַנטינאָי.
געווען אַ טעות, אַ פֿאַטאַלער,
דער פֿוסטער איינגערעדטער טרוים:
איך — רחל, דיין באַשערטע כלה —
זאָל ווערן צעזאָרין פֿון רוים.
וואָס איז דען טראָן און קרוין פֿון צעזאַר
אַנטקעגן ליבע'ס מינדסטן רעג?
בלויז שטויב אויף אָפּגעוועלקטע גרעזער
ביים ראַנד פֿון האַרבסטיק־גרויען וועג.

— „כ׳בין מיד פון אַלע טרוימען שיינע
פון פוסטן, גרויען צייט - פּאָרטרייב.
כ׳וואָלט אָפּגעגעבן זיבן קרוינען
צו זיין אלישע׳ס אָרעם ווייב.
אלישע, הער מיך אויס, מיין תנא,
איך האָב דעם קיסר, גלויב מיר, גלויב!
כ׳וויל מער נישט זיין קיין קורטיזאַנע,
כ׳וויל זיין דיין ווייב, דיין שטילע טויב.״ —
די ווערטער אויף די ליפּן גליען,
ווי גרינער, שמעקעוודיקער מירט:
— „פּאָר - אָפּ צוריק קיין קיסריה —
און וואַרט, מיין טייערער, אויף מיר.
וואָס איז, אלישע, אונדז געבליבן
נאָך לאַנגע יאָרן נע - ונד,
חוץ שפּעטע, אויסגעבענקטע ליבע
פון קורטיזאַן און אַפּאָסטאַט?״ —
אלישע שווייגט. זי צוימט די טרערן
און וואַרט אויף גרויזאַמען שיקזאַל.
אַ זייל אַ מירמעלנער, אַ שווערער —
זי טוט צו זיינע פיס אַ פאַל.
אין אויגן — העלער בליץ פון מעסער,
פון ליפּן הייסע תפילה פליסט:
— „זע, קיסר אַדריאַנ׳ס מעטרעסע —
אַ שקלאַפין — ליגט ביי דיינע פיס!״ —

### 5. מיט טויטע פירט מען נישט קיין ליבע

ער הויבט זי אויף. אויף בלייכן פּנים
אַ שמייכל מיניעט זיך פון זיג.
אין האַרצן גייט - אויף אַ רחמנות,
וואָס שפּיגלט אָפּ זיך אין זיין בליק:
— „מיר האָבן אַלע אין דער יוגנט,
ווי זוימען הפקר׳ע אין ווינט,
צעווייט די זיסע תענוגים
אין פריידן לוסטיקע פון זינד.
מיין האַרץ — אַן אָפּגעקילטע גליבע,
די לוסט — אַן אויסגעברענטע שטרוי.
עס טלי׳ט אַ פונק אין אַש — די ליבע,
נאָר כ׳זוך נישט מער אין פרוי — די פ ר ו י.
און דו? דיין האַרץ איז פול מיט שנאָה,
אין שרעק פאַר לעצטן וועלק - און - וויאַן:
מיט אויגן גייציקע און גרינע
דו זוכסט נאָך אַלץ אין מאַן דעם מ אַ ן.

— „און וויפיל האָסט באַזויפט שוין מענער
מיט זיסער משתה פון דיין לייב,
ביזט אַלץ נאָך, ווי האָמער'ס העלענע,
פאַר זיי דאָס רייצנדיקע ווייב.
ווי שווער עס איז אין ווייסע שוואַנען
פאַרוואַנדלען שוואַרצע קראָען, גלויב!
אַזוי איז פאַלש פאַר קורטיזאַנע
די ראָל פון תמימות'דיקער טויב...
צו־שפּעט ביזטו געקומען, רחל,
צו מיר מיט קלוג־פאַרטראַכטן פּלאַן:
די ליבע ז'טויט — און דער נצחון
האָט מיר געבראַכט בלויז פּיין און וואָן." —

די ווערטער פאַלן — קאַלטע, שווערע —
פון קרומער, צוקנדיקער ליפּ:
— „איך ווייס, ס'איז שווער אַזוינס צו הערן,
נאָר כ'האָב דיך, רחל, מער נישט ליב.
געדענקסט, האָסט מיר אַמאָל געשריבן
צוויי שורות — גרויזאַם־אומגעריכט:
'מיט טויטע פירט מען נישט קיין ליבע,
'נאָך טויטע צינדט מען יאָרצייט־ליכט!'

— „דו ביזט גערעכט! וואָס קאָן מען זאָגן,
ווען ליבע טויט איז, ווי אַ מת?
מע קאָן מיט אָפּשיי זי באַקלאָגן —
און וואַרטן אויף אַ נייעם נס.
נאָר ס'וועט דער נס שוין מער נישט קומען,
ס'איז אַלץ צעשייטערט און פאַרקוילט —
געבליבן איז אין האַרצן אומעט
און פּיין און פינצטערניש און גרויל.
און נישט פאַרבלייבן וועט קיין זכר
פון אונדזער ליבע, אונדזער בונד.
ס'וועט בלויז וואו צימערן אַן עכאָ,
און אייביק יאָטרען וועט אַ וואונד.

## 6. צוויי שוואַנען

זי שטייט געבויגן אונטער האָמער
פון זיינע שטראָפנדיקע רייד.
אין גרינע אויגן — שלאַנגען־פלאַמען,
אויף פּנים — פינצטערער באַשייד:
— „איך האָב גענאָסן פון כל־טוב'ן,
פאַרבראַכן קעגן גאָט'ס יציר.
דו ביזט נישט שולדיק מיר קיין תשובה,
נאָר אויב באַוויליקסט, ענטפער מיר:

—„ביזט שוין א יאָר, צי צוויי א גרוש,
דיין בונד מיט ווייב און קינד צעקניפּט —
צי קלייבסטו זיך צו זיין א פּרוש?
צי אפשר האָסט א צווייטע ליב?" —
אלישע שווייגט. ער זעט אין דמיון
זיין קרובה'ס תמימות'דיק געזיכט.
אין בין-השמשותדיקן צימער
איר מראה צינדט זיך, ווי א ליכט.
ער זעט: עס ראַנגלען זיך צוויי שוואַנען,
ווי שוועסטער צוויי — אויף בלויער וואַנט,
נאָר ס'זיגט די שוואַן די ווייסע — חנה,
און רחל פאַלט — די שווארצע שוואַן.

ער הערט: זי העשעט, ווי א דיבוק,
מיט א שלאַקרירישן געוואַי:
— „זאָג, ווער האָט יענעם בריוו געשריבן?
עס האָט געמוזט זיין בלויז א פרוי." —
אין אויגן פלאַקערט שלאַנגען-שנאָה.
אויף בלייכע ליפּן ווייסע שוים:
— „איך שווער, איך וועל זי אויסגעפינען
און זי אַרויסיאָגן פון רוים." —

אלישע'ס מויל אויף שלעסער זיבן.
און רחל צישעט דורך די ציין:
— „אויב נישט א פרוי, האָסטו געשריבן
דעם בריוו פאַטאַלן זיך אליין." —
אין רחל'ס אויגן פלאַמט א דאָרן,
וואָס ברענט און לעשט זיך נישט — און זע:
אל שדי'ס פלאַקערדיקער צאָרן
איר פּנים צינדט-אָן, ווי א סנה.

זיין הארץ א שפּרונג גיט, ווי א טיגער,
און ס'נעמט אים ווארגען טיף אין האלדז:
— „דו ווייסט אליין, אז ס'איז א ליגן —
עס רעדט פון דיר דער האָס, ווי גאַל.
צוואָוואָס פאַרשוועכסטו אונדזער ליבע
מיט דיינע רשעות'דיקע רייד?
נישט איך, נישט איך האָב זיך געשריבן
דעם בריוו פון פינצטערן באַשייד." —
זי שטאַמלט שטיל: — „איך בעט... מחילה...
נאָר ווער... געשריבן... ס'האָט דעם בריוו...
וואָס איז...אלישע... שוין דער חילוק...
ווען ס'איז געזונקען... אונדזער שיף.. " —

די הייסע רגע׳ס טריפן, טריפן...
אין אויגן — רעזיגנירטע שיין.
און רחל בויגט דעם קאָפּ אַן טיפער
און רעדט הכנעה׳דיק, מיט פּיין:
— „וואָס האָט אַ הפקר׳ע, אַ זונה,
פון דיר — אַ כוהן — דען דערוואַרט?
איך האָב געוואוסט: דער טאָג פון עונש
וועט קומען, קומען, ווי אַ גזר.״ —
זי רעדט מיט ווייטיק און פּאַראיבל.
און צער פון אירע ליפּן טריפט:
— „איך האָב געהאַט אַ צווייטע סיבה
נישט ענטפערן אויף יענעם בריוו.״ —

אַרום איר מויל זיך שלענגלען, שלענגלען
די הייסע ווערטער מיט אַ ציש:
— „דו האָסט געוואָלט אַ קרבן ברענגען
פאַר מיר דיין גרויסע ׳תורת - אי׳ש׳.
דו ביזט אַ דיכטער און אַ תנאָ.
דיין וואָרט — אַ ליכט אין אייביקייט.
ווער בין איך, זאָלסט פאַר קורטיזאַנע
דיין ווערק פאַרברענען, ווי אַ שייט?

— „ווען אפשר זיך אַליין אַנטווישן
אין כפירה דיינער קעגן גאָט,
זיך צ׳ריקקערן צו תורת - משה.
צום וואָרן, איינציקן אחד.
און ביטער זיין וועט אַחר׳ס גורל:
געפּלאַצט דער טרוים, ווי אַ באַלון...
דו האָסט צוליב אַ פאַלשער תורה
צעשמעטערט אונדזער ליבע - בונד.״ —

אלישע הערט - אוים רחל׳ס ווידוי —
און בויגט הכנעה׳דיק זיין קאָפּ,
ווי ס׳האָבן זיך געבוקט די ברידער
אין יוסף׳ס חלום — פאַר זיין סנאָפּ:
— „עס טוט מיר לייד, וואָס כ׳האָב געשריבן
דיר, רחל, יענעם בייזן בריוו.
עס האָט דער שלאַנגנביס פון ליבע
צו - טיף פאַרוואונדיקט מיך, צו - טיף!״ —
זי גלייכט זיך אוים: — „צו - שווער, אלישע,
צו - איבעראייליק דיין ווערדיקט.
דו האָסט באַזיגט אַ שוואַכע אישה,
כ׳בין נישט מקנא דיך מיט זיג.

— „איך ווייס נישט, ווער ס׳האָט די נבלה
אונדז אָפּגעטאָן: אַ פרוי, אַ מאַן?
כ׳ווייס נאָר, ס׳האָט אונדזער ליבע־חלום
צעשטערט אַ שאַלקהאַפטיקע האַנט.
און דו? עס ווייזט אַרויס דיר חסדים
דער גוטער קיסר אַדריאַן.
נאָר רוים איז רוים... ממשלת־זדון
וועט פירן דיך צו שפּאָט און שאַנד...
אַנטלויף פון רוים! ס׳איז אַ סכנה
צו בלייבן לענגער דאָ פאַר דיר!...״ —
זי דעקט מיט שלייער צו דאָס פּנים
און שפּאַנט אַ שטאָלצע צו דער טיר.

* * *

אלישע בלייבט אַליין אין צימער,
זיין האַרץ — אין שטומער, שווערער פּענט.
דער בין־השמשות׳דיקער שימער
וואַרפט פאַרביק שאָטנס אויף די ווענט.
ער טראַכט: איז ערשט געווען דאָ רחל,
זיין ליכטיק־אויסגע׳חלום׳ט גליק?
האָט ער אין פינצטערן נצחון
אויף אייביק זי אַוועקגעשיקט?
זי האָט די פייערדיקע מלקות
מיט צער פאַרנומען, אָן געוויין,
אַוועקגעטראָגן, ווי אַ מלכה,
די טויטע ליבע — ווי אַ קרוין.

עס וויל איר נאָכלויפן דער מורד
און אויסשרייען: — „ביז לעצטן כריפּ
מיין האַרץ וועט שטענדיק פאַלן כורעים
פאַר מינדסטן שמייכל אויף דיין ליפּ!״ —
נאָר ווי אַ פלאַקערדיקער דאָרן,
עס גליט און שייטערט — שטריך נאָך שטריך —
אין איינגעדרימלטן זכרון
זיין קרובה חנה׳ס ליב געזיכט.
זי קוקט אויף אים מיט אויגן גוטע,
און תמימות טריפט פון צאַרטן בליק:
׳אַ פרוי דאַרף זיין אַ ווייב, אַ מוטער,
׳פאַר דורות ווייטערע אַ בריק.׳
אין שויב דער מולד טריפט מיט אוילן
אויף האַרצ׳ס אויף פלאַקערדיקן שייט.
אלישע שמייכלט: אַלץ פאַרהיילן
וועט גוטע דאָקטאָרשע — די צייט.

## ד. אידן און „מינים"

**1. דער סוד פון ניי-אַנטפּלעקטן גאָט**

ס'איז נאַכט. אלישע וואַרט אין ווילאַ
אויף וואָרט פון קיסר'לעכן שלאָס.
עס לויכטן הימלען — בלויע גווילים —
און יעדער שטערן — ווי אַן אות.
די קאַלטע רגע'ס רינען, רינען,
ווי זאַמד — דורך אַ פאַרמאַכטער האַנט:
ס'ברענגט היינט מיט זיך דעם הויפט פון „מינים"
פאַר אַ וויכוח אַדריאַן.
אַ קלאַפּ אַן טיר. ער טוט אַ ציטער.
דער קיסר שפּאַנט אַריבער שוועל.
און הינטער אים שטייט רוים'ס פּרעסביטער,[1]
אַ הויכער מאַן מיט אויגן-וועלף.
דעם קיסר'ס פּנים איז פאַרוויאַנעט,
דאָס קול איז הייזעריק און שטיל:
— „אלישע — דער יודעער תּנא,
און רוים'ס פּרעסביטער — טעאָפיל.
איך וויים, אלישע: פאַרן חרם
געזוכט ביי ישו'ן האָסט אַ טרייסט —
און ס'האָבן דיך געשטראָפט חברים
מיט בייזער, צאָרנדיקער פויסט.
דו — טעאָפיל, דו — רוים'ס פּרעסביטער,
איך וויים: מיט ליידנשאַפט און גיר
דו טרייבסט, ווי לעמער צו דער שחיטה,
די רוימער ווייבער אין דיין קירך.
איר זייט געניט אין נייער לערע
פון דעם געקרייצטן אויף גאָלגאָט, —
האָב איך געוואָלט פוןביידן הערן
דעם סוד פון ניי-אַנטפּלעקטן גאָט." —

**2. הלכות — ניתל**[2]

ביי טעאָפיל'ן טוט אַ פּלאַטער
די שוואַרצע, ברייט-צעקאַמטע באָרד:
— „אָ, קיסר, אויגוסט-אימפּעראַטאָר,
דאָס העלסטע ליכט פון אונדזער דור!
איך דאַנק דיר פאַר דעם גרויסן כבוד,
וואָס דו האָסט היינט מיר צוגעטיילט.
איך גרים דעם כוהן פון יהוה'ן
כ'וויל לערנען תּורה פון זיין מויל!" —

---

1) פּרעסביטער — עלצטער פון די קריסטן אין רוים.
2) הלכות-ניתל — קריסטלעכע לערע.

אלישע שטוינט: — „אין הלכות-ניתל
דיין קנעכט איז ווייניק-וואָס געניט.
וואָס קאָן דער רוימישער פּרעסביטער
זיך אָפּלערנען ביי מיר — דעם איד?
ס׳איז אמת — ס׳האָט די לערע ישו׳ס
צוערשט פאַר׳כישופ׳ט מיין געדאַנק.
נאָר קענגן זיסער תורת-משה
איז זי אַ ביטערער געטראַנק.
די אידן גלויבן: ס׳וועט משיח
זיי אויסלייזן פון פרעמדן יאָך,
וועט העלדיש ברענגען זיי די תחיה
און הייליק יום-טוב׳ן די וואָך.

— „זיי וואַרטן אויף אַ נייעם רעטער,
אַ העלד, אַ גיבור, ווי בן-נון.
און איר — אַ מחנה בלינדע בעטלער —
געקרוינט האָט ישו׳ן פאַר גאָט׳ס זון.
ווי ווייט איך וויים, האָט גאָט יהוה,
ארך-אפים, עורך-דין,
גאָר קיינמאָל נישט געהאַט קיין אָבות
און קיינמאָל נישט געהאַט קיין זין.״ —

עס שויבערט טעאָפיל די לאָקן.
זיין שטים איז ווייך און זיסלעך-שלוי:
— „איז גאָט יהוה דען אָן עקר,
וואָס שרעקט זיך פאַרן חן פון פרוי?
איר — אידן — האָט ביי די גרגשים
שוין לאַנג אַנטליען דעם געדאַנק,
אַז געטער האָבן נישט קיין נשים
און שרעקן זיך פאַר חוה׳ס שלאַנג.

— „איר פירט שוין יאָרן אַ געראַנגל,
אַ פּרושים-קעגן-צדוקים-קריג.
פאַר אונדז האָט אויפגעשטעלט יעוואַנגעל
צעווישן מענטש און גאָט אַ בריק.
און אויב אַ מענטש איז בגילופין
און קאָן אויף בריק נישט שפּאַנען גלייך,
פאַראַן פאַר אים אַ גוטע תרופה:
די טבילה הייליקע אין טייך.
ס׳איז ישו נישט געווען קיין גיבור,
קיין העלד קיין גייציקער פון שווערד —
ער האָט פאַרזייט דעם זאָם פון ליבע
אין טראַכט פון גאַרנדיקער ערד.

— „ס׳האָט נאָך אין תהילים מלך דוד
אַ וואונק־געטאָן אויף „נשקו — בר 1) —
און קלאָר געוועזן איז זיין מחשבה:
דאָס האָט געמיינט ער אונדזער האַר.
נאָך אים האָט דער אַפּאָסטאָל שאול
דעם בעל־התהילים קלאָר באַזינט,
אַז ישו, גאָט׳ס זון, איז דער גואל,
וואָס האָט דערלייזט דעם מענטש פון זינד.״ —

### 3. דעם קיסר׳ס בחירה

מיט בליקן פינצטערע און שווערע
אלישע נעמט אַרום דעם זאַל.
די חכמה בליצט אויף הויכן שטערן,
ווי ליכט פון בלוילעכן חשמל:
— „ס׳האָט שאול — שלויער פוקס פון תרשיש —
מיט אַלטע חומרות זיך געשפּייזט,
פאַלש אויסגעטייטשט געוויסע פּרשות
און קלאָרע פּסוקים מיאוס פאַרגרייזט.
ס׳איז שאול׳ס לערע — הוילע טומאָה,
שקרנות און פאַרבלענדעניש, —
האָב איך מיט זעליקייט פאַרנומען
דעם נצח־רוף פון „תורת־אי״ש״.
כ׳גיב־צו, איך האָב געלעבט אין טעות,
כ׳גלויב מער נישט אין משיח־העלד.
מיין חלום איז: דער אל־צבאות
זאָל ווערן גאָט פון גאַר דער וועלט.
איז דאַרפן אידן גיין אין גלות
דער וועלט צו ברענגען זייער גאָט,
באַהעפטן אַלע דריי: אַפּאָלאָ׳ן,
יופּיטער, שדי׳ן — אין אחד.״ —
דער קיסר הויבט זיך אויף: — „פּרעסביטער,
און דיר, אלישע, קומט אַ דאַנק:
איר האָט, ווי פּריסטער, ווי געניטע,
מיר קלאָר געמאַכט אייער געדאַנק.
ווען ס׳וואָלט יופּיטער מיך אַנטוישן,
וואָלט מיך דערלייזט פון פינצטערניש:
נישט שאול׳ס שלאַבעריקער ישו,
נאָר דיין, אלישע, „תורת־אי״ש״.״ —

---

1) „נשקו־בר״—אין קאַפּיטל ב־12 פון תהילים איז פאַראַן אַ פּסוק, וואָס לייענט זיך: „נשקו־בר פּן יאנף״. דער טייטש פון פּסוק איז: „באַוואָפנט זיך פון דרויסן, כדי גאָט זאָל נישט צערנען.״ די פאָטערס פון דער קריסטלעכער קירך האָבן אויסגעטייטשט דעם פּסוק אַזוי: „קושט דעם זון״ — דאָס מיינט ישו׳ן.

# ה. אַ ליכט אין פינצטערניש

## 1. גאָלדענע רגע׳ס פון חלום

אַ גאָלדענע רגע׳ס פון חלום,
וואָס גליען אין פליסיקן פלאַם:
ער שווימט איבער בלויע מזלות,
איבער שעפּסעלעך ווייסע פון ים.
אין מילכוועג׳ס אין זילבערנע שטראַלן
די לבנה — אַ בלייכע — פאַרגייט
און שפּיגלט אין ים, ווי אַ כלה,
דעם שלעפּ פון איר חתונה־קלייד.

דאָס ברוינלעכע ברויט פון די ברעגעס
בייסט די שוים, ווי מיט ווייסע ציין —
און דעם חלום׳ס גינגאָלדענע רגע׳ס
לויכטן העלער פון דימענטשטיין.
דורך קרישטאָליקן דנאָ פון שיפל
ער קוקט אין דער טיפעניש:
אין גרינע, צעשטראַלטע טיפן,
ווי באַנומענע, יאָגן זיך פיש.

ער ציט פון זיך אָפּ די הלבשה,
ווי אַ פיש, שפּרינגט אין וואַסער אַריין —
און עס זעגלט אַוועק די יבשה
מיט איר פאַלשער און פראַסטיקער שיין.
און פלוצים — מיט אַלע חושים
ער דערשפּירט, ווי עס ווערן אים גרינג:
די נשמה — די נעסט פון קדושה,
און דער קערפּער — דער קנויל פון זינד.

ער דערזעט, ווי זיין קרובה חנה —
אין איר ווייסן, איר חתונה־קלייד —
טראָגט אַנטקעגן איר ליכטיקן תנאָ
אירע ליפּן מיט צניעות און פרייד.
נאָר עס לעשן זיך בלויע מזלות.
עס וועקט אים אַ שטים אין קאַיאָר —
און פון גאָלדענע רגע׳ס פון חלום
ווערן בלייערנע שעה׳ן פון וואָר.

## 2. בלוט און גאַל

פֿאַרטאָג. דער דינער וועקט אלישע׳ן.
דער קאָפּ — אין פֿלאַמען, ווי אַ שטראָף.
אין שלייפֿן חלום־בינען צישען,
אויף ליפּן ליגט דער טוי פֿון שלאָף:
— „זייט מוחל, האַר און גרויסער תנא,
עס וואַרט אויף אייך אַ מאַן ביים בריק.
ער זאָגט, אַז אייער קרובה חנה
האָט אים צו אייך אויף שנעל געשיקט.״ —
אלישע ציט אַרויף דעם סדין
און לויפֿט אַרונטער פֿון די טרעפּ.
ביים טויער — אין פֿאַרשטויבטע בגדים
צוויי מענער מיט געקרויזטע קעפּ.
זיי שטייען ביידע, ווי נאַדרישעט,
די בליקן — גליענדיקער בליי.
און איינער טוט אַ זאָג אלישע׳ן:
— „דער זון דער ווירטין׳ס איז פֿאַרביי!״ —
ער שפּאַנט אַריין אין טראָג־שטול ראַזן
מיט גיכן, פֿיבערדיקן טראָט.
זיי נעמען יאָגן בחיפּזון
דורך שטילער, שלאָפֿנדיקער שטאָט.
אין חנה׳ס הויז איז אַ בהלה.
אין דינער׳ס אויגן שוועבט דער טויט.
אלישע יאָגט זיך, ווי אין חלום,
זיין האַרץ — אַ פֿלאַמעדיקער קנויט.
עס שמעקט אין הויז מיט מירט און לאָרבער.
און חנה ברעכט־אויס אין געוויין:
— „מיין זון אוריאל איז געשטאָרבן...
כ׳בין איצט געבליבן... איין־אַליין...״ —
ער פּרוואוט זי טרייסטן לויטן מנהג,
נאָר זיינע ווערטער קלינגען פֿאַלש.
דורך שפּאַרעס זונען־שטראַלן רינען
אויף שטיין פֿון דיל, ווי בלוט און גאַל.

## 3. נישט־געהאַרטע פֿרייד

זינט יענעם טאָג ווײַלט אָפּט אלישע
אין חנה׳ס אָבל׳דיקן הויז.
זיי זיצן שעה׳ן, ווי פֿאַר׳כישופֿ׳ט,
די הערצער — פֿול מיט צער און טרייסט.
זי זיצט מיט רויט־פֿאַרוויינטע אויגן,
די הענט — פֿאַרבראָכן צום סופֿיט —
אַ צאַרטער, אומעטיקער פֿויגל
מיט איינגעבראָכענעם געמיט.

אלישע זאפט - איין מיט רחמנות,
געמישט מיט ליבשאפט און מיט גרויל:
די פריע קנייטשן אויף איר פנים,
דעם טרויער - שמייכל ארום מויל:
— „די וועלט איז פול מיט אומעט, חנה,
מיט פרייד און טרויער און גענאד,
אין האס און ליבע איז פאראנען
א פונק פון אייביקן אחד.
ס'געשריי פון איינגעמידטער פרידה,
ס'געזאנג פון שפעטן נאכטיגאל
אין שדי'ס אויערן — זיי ביידע,
זיי קלינגען, ווי א זים געשאל.

— „ס'קאן קעגן עלפאנט גאט פארגעבן
די גרעסטע עוולה — בייז און ווילד,
נאר שטראפן וועט מיט פעך און שוועבל
פאר מינדסטער עוולה קעגן מילב.
דער מאס איז שענער פון די שטערן,
נאר לויכטן, לויכטן קאן ער נישט." —
אין חנה'ס הארץ דורך צער און טרערן
גייט - אויף א ליכט אין פינצטערניש.

די וואכן לויפן, ווי גאזעלן,
געיאגט פון יעגער איבער בערג.
ס'לויכט חנה'ס פנים העלער, העלער,
און ס'טריקנט אין איר אויג די טרער.
די וואלקנס שוימען —ווייסע שוואנען,
באזוימט פון רויטן זון - פארגאנג.
עס קוקט אויף אים מיט גוטסקייט חנה,
איר קול — א ליכטיקער געזאנג:

— „איך האב מיין מאן און זון פארלוירן,
נאר גאט גערעכט איז אויך אין שטראף,
ווייל בארעמהערציק האט דער גורל
דיך צוגעשיקט — מיין מזג - טוב.
און איך? כ'האב צוואנציק יאר געטראגן
די ליבשאפט מיינע, ווי א גזר.
ביזט מיד, אלישע, שוין פון וואגל —
איז צייט זיך אפרוען, מיין האר.
איך האב א הויז — א פולן בעכער,
נאר ווי מיין הארץ, דאס הויז איז פוסט.
זע: אלע גיטער און געמעכער —
ס'איז אלץ, ס'איז אלץ אין דיין רשות." —

אלישעס׳ם הארץ ווערט פול מיט גילה.
די אַפּלען פלאַמען — ברוין - געדיכט —
און טריפן, ווי אין שעה פון נעילה,
אויף עמוד — שטילע יאָרצייט -ליכט.
אויף בייטן רויזן וויאַנען, וויאַנען.
ער קוקט אויף איר, ווי אין דעליר:
— „כ׳האָב לאַנג געוואָלט שוין, ליבע חנה,
דאָס האַרץ מיינס עפענען פאַר דיר.
האָסט וועגן רחל׳ען דאַ אַנומלט
גערעדט מיט ביטערקייט און צער.
דו ווייסט גאָר נישט, מיט וויפיל טומאָה
זי האָט פאַרגיפטעט מיר דאָס האַרץ.
איר סם פאַרטונקלט האָט מיין שכל,
איר בייז — פאַרוואָלקנט מיין געדאַנק:
פאַר קריש פון פרייד, פאַר מינדסטן שמייכל
איך האָב געצאָלט איר מיט געזאַנג.

— „איך האָב געזוכט ביי איר מנוחה,
ווי ס׳זוכט דערלייזונג אַ פּילגרים,
נאָר ס׳האָט אין איר די טיפה - סרוחה
באַזיגט דעם צלם - אלהים.
פון העכסטער הויך בין איך געזונקען
אין פלאַם פון תאווה׳ס כף - הקלע.
כ׳האָב ביזן סוף אים אויסגעטרונקען,
דער ליבע׳ס ביטערן פּיאַל.
איך האָב געמוזט די ליבע טויטן
צו קאָנען שרייבן ״תורת - אי״ש״,
ביז כ׳האָב פאַרברענט די לעצטע קנויטן,
די לעצטע שפּורן אָפּגעווישט.

— „איך בין צו דיר איצט, ווי אַן אָבל,
וואָס האָט פאַרלוירן לעצטן גאָט,
געקומען שטיל אויף קבר - אָבות
אין בענקשאַפט נאָך אַביסל גנאָד.
אין דיינע אויגן לויכט די ליבע,
אַ העלער, וואונדערלעכער נס,
וואָס וועט פאַרטרייבן שאָטנס טריבע
פון פוילנדיקן מגדל - מת.״ —

ער בויגט זיך אָן אין ערפרוכט טיפער
און קושט די זוימען פון איר קלייד.
אין חנה׳ס אויגן טריפלט, טריפלט
דאָס גליק פון נישט - געהאַרטער פרייד.

## ו. כופר, צי בונד?

### 1. די פינצטערע בשורה

אַ וואָך אַוועק. אלישע וואַנדערט
אויף גאָרטן-סטעזשקעס אַנהויב האַרבסט.
דער טאָג איז ביטערלעך, ווי מאַנדלען.
מיט פרייד איז אָנגעפילט זיין האַרץ.
די בלעטער פאַלן אויף די שטעגן
פון אָפּגעפּליקטע בוש און בוים,
ווי ס'וואָלט דער הימל-סאָד גערעגנט
מיט שטערן גאָלדענע פון רוים.
ווי בלויע רערן פון מנורה,
די צווייגן לויכטן — שלאַנק און דין.
זיין האַרץ איז גרייט צו פאַלן כורעים,
פון צער געלייטערט און פון זינד.

עס טוט אַ בליץ אין מאַרך אלישע'ן:
— 'ווילאַנג צו וואָגלען איז דער שיער?
'גענוג, גענוג צו קלייבן קרישן,
'אַ בעטלער — ביי פרעמדער טיר.
'ס'איז צייט — פון שטעכעדיקע דערנער
'ארויסשיילן דעם לאַגאָם-זין,
'די פלעווע אָפּטיילן פון קערנער,
'מיט קרבן הייליקן די זינד.' —
אין אויער קלינגען חנה'ס ווערטער:
'מיין הויז איז פול, מיין האַרץ איז פוסט.'
די ווערטער וואָרעמען און צערטלען:
'ס'איז אַלץ, ס'איז אַלץ אין דיין רשות!'

עס טירקלען טויבן. רויזן וויאַנען.
ווי טייטלזאַפט, די לופט איז זיס.
ער וועט נאָך היינט אַוועק צו חנה'ן
און טאָן אַ פאַל צו אירע פיס:
— „כ'בין מיד פון וואַנדערן און זוכן,
פון שטרייט צעווישן הייד און איד.
פיל-אָן די לאָגלען פון מנוחה
מיט זיסן ווייַן פון רו און פריד!" —

ביים טאָג אלישע האָט באַפוילן
דעם דינער אָנזאָטלען דאָס פערד.
אַריבער פעלדער האַרבסטיק-הוילע
ער יאָגט צום ליכטיקן באַשער.

און וואו ער טוט דאָס פּערד אַ קערווע,
און וואו ער טוט דעם קאָפּ אַ דריי:
אַ בלויער טעמפּל פאַר מינערווע,
פאַר מאַרס — אַ ווייסער מאַוזאָליי.
פאַרנאַכט־צו איז ער צוגעריטן
צו חנה׳ס הויז. דער הויף איז לער.
זיין האַרץ — אין פלאַטערדיקן ציטער.
ער גיט אַ שפּאַרע ס׳ווייסע פערד.

ס׳באַגעגנט אים אַ מאַן אין פּאַניק.
זיין קול — אַ פינצטערער לאַמענט:
— „מיט אונדזער האַרינטע, מיט חנה׳ן,
אַ גרויסער אומגליק איז געשען.״ —
דער פּחד פלאַטערט אויף זיין פּנים.
די אַפּלען גלאָצן, ווי אַ געץ:
— „עס האָט אַ רוימישע מאַטראָנע
אין תפיסה זי אַריינגעזעצט.
זי איז געקומען מיט אַ הויקער,
מיט זיי נאָך שטאַרקע צוויי פאַרשוין.
געדויערט לאַנג האָט די מחלוקה —
און ס׳האָט מיין האַרינטע געוויינט.

— „ווען מ׳האָט מיין האַרינטע פאַרנומען
אין רייכן, רויטן פּאַעטאָן,
בין איך געבליבן שטיין צעטומלט,
פון אָרט זיך רירן נישט געקאָנט.
כ׳האָב דיר געוואָלט באַלד לאָזן וויסן,
האָט גאָט דיך, האַר, געבראַכט אַהער...״ —
אָן אָדלער, פון אַ שלאַנג געביסן,
אלישע טוט אַ יאָג דאָס פערד.

## 2. רחל׳ס נצחון

ווי שלענגלעך זילבערנע, געצישעט
אין אָוונט־רוים האָט שטערנוואַרג,
ווען צוגעריטן איז אלישע
צו רחל׳ס פּאַלאַץ אויפן באַרג.
דער שלאָס, באַזוימט מיט צוועלף ציפּרעסן,
אין גאָלד — אַ דימענט איינגעפּאַסט.
דאָ וואוינט זי, אַדריאַנ׳ס מעטרעסע,
די פרוי — מיט אויגן, גרין ווי האַס.
דער צאָרן פלאַטערט אויף זיין פּנים.
ער שפּאַנט אַרויף אויפן פּאָרטאַל:
— „לאָזט וויסן ווירדיקער מאַטראָנע,
אלישע וואַרט אין פּאָדער־זאַל!״ —

דער פרים שמייכלט מיט די אויגן,
פאַרנויגט זיך: — „צום באַפעל, מיין האַר!" —
ער יאָגט אַוועק, ווי פייל פון בויגן.
אלישע בלייבט אליין — און וואַרט.
אַ רגע — מיט אַ פאַרכמיק פּנים
דער פרים קערט זיך אום צוריק:
— „עס דאַנקט די ווירדיקע מאַטראָנע
דעם האַר, וואָס האָט איר הויז באַגליקט!" —

עס פירט אים איבער קאָרידאָרן
מיט טריט געבעטע דער יעוונוך.
אלישע'ס האַרץ — אַ וויסטער דאָרן.
אויף ליפּן עקשנ'ט זיך אַ פלוך.
עס צישן רגע'ס, ווי די שלאַנגען.
אלישע שפּאַנט, ווי אין דעליר.
און פּלוצים — צווישן זיילן-שטאַנגען
עס עפנט זיך פאַר אים אַ טיר.

עס טריפט אין זאַל מיט בלויע ליכטער
דורך רונדע זיילן פון קרישטאַל.
אַריבער שטראַליקע געזיכטער
דערהערט ער פּלוצים רחל'ס קול:
— „אָ, גרויסער תּנא פון יהודה,
דאָס ליכט פון מגדל, גליל'ס שיין,
דו קומסט באַשיינען מיר די סעודה,
איך שטעל דיר פאַר דאָ מיינע פריינט:
אויף רעכטס — מיין פריינט, דער קוועסטאָר שעצאַל,
זיין גוף איז שוואַך, נאָר שאַרף זיין צונג.
אויף לינקס — דער היטער פון געזעצן,
אַליפּוס קרעטוס — דער טריבון.

— „און לעבן אים — אין גרינער טאָגע,
האַלב-אַנגעלענט אויף הסב-בעט,
דעם קיסר אַדריאַנ'ס אַ שוואָגער,
אַדעלפוס ציַנוס — דער פּאָעט.
ווי דו, ער לייקנט אין ווירגיל'ן,
זיין גאָט און רבי איז פינדאַר.
ער גלויבט אין לידער בלויז ווירילע,
געטרייער פּריסטער פון אישטאַר.
איז טו מיר אָן דעם גרויסן כּבוד,
זיי טועם פון מיין פלייש און וויין.
צי טאָר דער כּוהן פון יהוה'ן
נישט טועם זיין פון טמא שווייַן?" —

די געסט צעהירזשען זיך, האַלב-שיכּור.
אלישע זוכט אַ וועג צוריק.
נאָר ס'איז נישטאָ שוין קיין צוריקקער.
אין שעצאַל'ס אויג — אַ פייער-צוויק:

— „אַ, גרויסער גאָט, יופּיטער-צעאוס,
איך זע: דער תּנא — גליל'ס שיין —
אַ כּהן איז אָן באָרד און פּאות,
איז מעג ער טועם-זיין פון שווין.
קום, תּנא, טו מיר אָן די ערע!" —
אלישע שטייט אין הינערפּלעט.
ער טרייסלט-אָפּ אים, ווי אַ שרץ,
און רעדט צו רחל'ען מיט געבעט:
— „כ'וויל ריידן דאָ צו דיר אָן עדות..." —
נאָר רחל שלאָגט אים איבער בייז:
— „פאַר מיינע פריינט נישטאָ קיין סודות —
זיי זיינען הערשער פון מיין הויז." —

— „זאָג, וואו איז חנה?" — בעט אלישע,
אַ שטומער בעטלער ביי דער טיר.
אויף רחל'ס ליפּן צישען, צישען
נצחון, שאַדענפרייד און גיר:
— „דו זאָג דעם אמת מיר: האָט חנה
פון רוים געשריבן דיר דעם בריוו?" —
אלישע שווייגט. מיט טויזנט וואַנען
דער האַס פון רחל'ס אויגן טריפט.
זי קוקט אויף אים מיט בליק פון זיגער,
די גרינע אויגן — האַרט, ווי שטאָל.
דער בליק, ווי נעגל פון אַ טיגער,
צערייסט זיין האַרץ... און מיטאַמאָל:

פון וויטע, טיפע לאַבירינטן
זיין אויער כאַפּט-אויף אַ געהויל.
עס לויפט אַריין דאָס שוואַרצע הינטל
און טראָגט אַ צעדערשטאָק אין מויל.
דאָס הינטל שטרעקט אים אויס די לאַפּע,
ווי ס'וואָלט מיט חדווה אים באַגריסט.
עס קוקט אויף אים מיט גרינעם אַפּל —
און ציט זיך אויס ביי זיינע פיס.
אלישע נעמט דעם צעדער-שטעקן
און גלעט דאָס הינטל איבער פעל.
ער קוקט אויף רחל'ס געסט מיט עקל —
און שפּאַנט אַריבער איבער שוועל.

## 3. אין שפּעטער נאַכט

אין הויכן הימל בלאַנקט דער מולד —
אַ בלויער חלף אָן אַ פּגם.
דער האַלדז פון נאַכט איז נישט - דערקוילעט —
און ס׳טריפט דאָס בלוט, ווי פון אַ לאַם.
אלישע׳ס האַרץ — ווי הייסער פּריסעק,
ווי גאַל אין סמ׳יקן פּיאַל:
׳ר׳מוז חנה׳ן ראַטעווען פון תפיסה,
׳ער דאַרף צום קיסר לויפן באַלד...׳
עס צאַקן קאַפּיטעס אויף שטיינער,
עס יאָגט דאָס פערד זיך, ווי אַ שד.
פאַרטיפט אין פינצטערע רעיונות,
אלישע כאַפּט זיך: ס׳איז שוין שפּעט!
פון דאַן איז ווייט צום שלאָס פון קיסר:
ער שטייט אין צווייטן עק פון רוים.
ער טוט אַ שפּאַרע ס׳פערד דאָס הייסע —
און ער פאַרקירעוועט אַהיים.
אין שפּעטער האַלב - נאַכט האַרבסטיק - קילער
מיט שטערן רעגנט, ווי מיט העק.
ער פאַרט אַריין אין הויף פון ווילאַ:
עס שיינט אַ ליכט אין ביבליאָטעק.
דער דינער שטייט פאַר אים אין פלאַטער,
זיין קול פאַרציטערט און פאַרצאַגט:
— „עס וואַרט אויף אייך דער אימפּעראַטאָר,
ער איז געקומען נאָך בייטאָג!״ —
אלישע לויפט אַרויף אין פּאַניק,
ווי ס׳לויפט אַ בוהיי פון געשעכט:
— „אָ, אימפּעראַטאָר אַדריאַנוס,
פאַרגיב, פאַרגיב, פאַרגיב דיין קנעכט!
איך שווער ביים שטאָלץ פון מיינע אָבות,
ביי הייליקייט פון הערא׳ס טוך,
כ׳האָב נישט געאָנט, וועסט טאָן מיר כבוד
און קומען היינט אויף אַ באַזוך!״ —

## 4. פּולוואַ פּלאַווואַ — די פרוי פון פייער

אין בלויער, גאַלד - באַצירטער טאָגע
דער קיסר שטרעקט אים אויס די האַנט:
— „פאַרגיב מיר, תנאָ, ווי אַ לאָגל,
מיין האַרץ איז פול היינט מיט געזאַנג.״ —
אויף שטערן צוקט אַ בלויער אָדער.
די אויגן — פיבערדיק און הייס:
— „כ׳האָב אָנגעשריבן היינט אַן אָדע
דער פרוי, וואָס איז מיין לעצטע טרייסט.״ —

ער רופֿט אים צו צום מירמל־טישל,
דערלאַנגט אַ בעכער אים מיט וויין:
— „כ׳וועל לייענען דיר דאָס ליד, אלישע,
כ׳האָף, וועסט עס אָפּשאַצן, מיין פֿריינט!" —

ער לייענט: — „איר גוף — אַ כוס מיט בשמים,
איר הארץ — אַ נעסט פֿון שלאַנגען־סם.
איך וואָג נישט רופֿן זי ביים נאָמען —
און נישט פֿאַרקוילט ווערן אין פֿלאַם.
איר נאָמען איבער מילכוועג בלענדיק
געשריבן האָט מיט שטערן־כּתב
יופּיטער׳ס האַנט — ווי אַ לעגענדע
פֿון איידער־איידער וועלט־באַשאַף.
געפֿורעמט אין געשטאַלט פֿון חוה׳ן
האָט זי אַן אייפֿערדיקער גאָט —
און אָנגערופֿן „פּולוואַ פֿלאַוואַ",
איר וואָרער נאָמען איז אַ סוד.

— „אַ נאָז — אַ אידישע מיט האָרבל,
און אויגן רוימער — גרין, ווי האָס.
כ׳בין טויזנט מאָל פֿאַר איר געשטאָרבן
פֿון פּיין און ליבשאַפֿט און עקסטאַז.
די באַקן אירע — מילך מיט האָניק,
די אַפּלען — גרינער עמעראַלד:
עס בלייכט דער פּחד פֿאַר תּלינים,
ווען ס׳לויכט מיר אויף איר זים געשטאַלט.
ב׳געדענק: אַ נאַכט אין קיסריה,
אַ בלויען טורעם שפּעט אין האַרבסט,
אַ פֿרוי ביים הייסן צאַנק פֿון שקיעה
מיט ליפּן זשעדנע זויגט מיין האַרץ.

— „און דאָ אין רוים: אין מירמל־פּאַלאַץ,
אין טראַכט אין אינגלישער געקליידט,
דערלאַנגט מיר פּריסטערין פֿון פּאַלאַס
אַ פֿולן כוס מיט ליבע־פֿרייד.
זינט ס׳האָט געווויבט דער בייזער פּאַטום
מיין היים־געליבטן אַנטינאַי,
מיין האַרץ גייט־אויס אין פּיין און מאַטער
נאָך אָט־דער אויסטערלישער פֿרוי.
מיין ווייב, מיין וויביאַ־סאַבינאַ
האָט זיך געטוויט מיט בים פֿון שלאַנג:
פֿאַר אירע אויגן גאָלדיק־גרינע,
פֿאַר האַלדז געטאָקטן, ווייס און שלאַנק.

— „געמיש פון הערא און דיאַנאַ,
איר לוסט ברענגט אומגליק און פאַרוויסט,
נאָר ס'ליגט דער קיסר אַדריאַנוס —
אַ שקלאַף ביי אירע שלאַנקע פיס.
איך וויים: אין לעצטער שעה פון גסיסה
מיט בלויער, שטאַרבנדיקער ליפ
כ'וועל זינגען זיבן ווערטער זיסע:
'בלויז זי, בלויז זי האָב איך געליבט!'" —
אלישע זעט אין קיסר'ס אָדע
זיין רחל'ס אויסטערליש געשטאַלט —
און ס'קאָרטשעט זיך זיין הארץ אין פחדים,
פון פיין און פאַרגעפיל — ווי גאַל.

## 5. כופר, צי בוגד?

עס צוקט אַ שווילנדיקער אָדער
אויף קיסר'ס שטערן — בלוי און וויים:
— „אַ דאַנק פאַר אויסהערן מיין אָדע.
אלישע, כ'האָב פאַר דיר דאָ נייס.
עס האָט מיר נעכטן אַ שליח
פון טיניוס רופוס — מיין סאַטראַפּ —
געבראַכט אַ פינצטערע ידיעה,
וואָס איז פאַר מיר און רוים אַ קלאַפּ.
ער לאָזט מיר וויסן: אויסגעבראָכן
אַן אויפשטאַנד האָט אין אידן-לאַנד,
געהאַט דער שונא אַ נצחון,
געטויט שוין איבער טויזנט מאַן.
דער אָדלער רוימישער געפאַנגען,
צעשמעטערט גאַנצער לעגיאָן,
אין שווערן, טויטלעכן געראַנגל
די רוימער הערשאַפט שטייט אין קאָן.
אין שפּיץ פון אויפשטאַנד — טעאָדאָטוס,
אַ יונגער רוימער דעזערטיר:
מיט אים — תנאים און זעלאָטן,
וואָס האָבן אייער פאָלק פאַרפירט.
זיי האָבן אים, דעם בר-כוזיבאָ'ן,
פאַר אַ משיח דאָרט געקרוינט —
פון ירדן-ברעג ביז ברעג פון טיבער
די ציינער שאַרפט שוין דער המון." —
ער שפּאַרט זיך אָן אָן מאַרמאָר-טישל,
אַ רויטער פאַלב אויף זיין געניק:
— „איך בין אַן אַלטער מאַן, אלישע,
און כ'זוך מיט קיינעם נישט קיין קריג.

— „נאָר כ'שווער ביים לייבן - קאָפּ יופּיטער'ס,
כ'נעם - אָן דעם גרויזאַמען פאַרמעסט:
איך וועל צעברעכן, ווי אַ ריטל,
די גאַנצע בר כוזיבאָ - נעסט!
און אים — דעם דעזערטיר און מורד —
אין קייטן ברענגען כ'וועל קיין רוים —
און פאַלן וועט ער פאַר מיר כורעים,
און כ'וועל אים הענגען אויף אַ בוים.

— „און דו, אלישע, ביזט אַ איד דאָך,
כאָטש ביזט פון זיי שוין לאַנג אַוועק.
איך וויל נישט צווינגען דיך צו בגידה —
קלייב - אוים אַליין פאַר זיך אַ וועג.
וואָס ווייסטו וועגן בר - כוזיבאָ'ן
און וועגן אויפשטאַנד פון די פיינט?
דו האָב אויף מיר נישט קיין פאַראיבל,
איך ווייס, ווי שווער דיר איז, מיין פריינט.

— „עס האָבן ווילדע דעמאַגאָגן
זיי אויפגעהעצט אַנטקעגן רוים.
דו ווייסט די אידישע מנהגים,
קאָנסט העלפן האַלטן ס'פאָלק אין צוים.
זיי האָבן דיך פון לאַנד פאַרטריבן
און אויסגעלאַכט דיין „אי'ש - טראַקטאַט".
וועסטו זיי ענטפערן מיט ליבע
און זייער טריי - בלייבן פאַראַט?
געדענקסט, אלישע: ס'האָט יאָזעפוס
דעם קיסר טיטוס'ן געדינט, —
האָט רוים באַלוינט מיט פולן שעפל
סיי אים, סיי ס'גאַנצע הויזגעזינט." —

* * *

אלישע הערט - אוים אַדריאַנ'ען,
זיין האַרץ — אַ צאַפּלדיקע לאַם.
אין שלייפן קלאַפּט, ווי מיט טאַראַנען:
אין טויט - סכנה איז זיין שטאַם.
ער גלייכט זיך אוים — אַ גלאַדיאַטאָר,
וואָס גרייט זיך בראַוו צום יום - הדין:
— „איך דאַנק דיר, אויגוסט - אימפּעראַטאָר,
פאַר דיינע חסדים ביז אַצינד.
דו שטעלסט מיך, קיסר, צום נסיון:
אַנטקעגן אידן גיין מיט רוים.
איך קאָן נישט זיין פאַר זיי קיין טוען,
זיי האָבן מיך פאַריאָגט פון דר'היים.

— „איך גלויב נישט: רוים אין אַלץ איז שולדיק,
און כ'גלויב נישט אין בר-כוכבאַ'ס זיג.
ס'דאַרף אַ באַזיגטער זיין געדולדיק —
כ'האָב זיי געוואָרנט קעגן קריג.
דאָס איז מיין גלויבן, גרויסער קיניג.
איך האָב נישט מער קיין לאַנד, קיין היים.
זיי קאָנען דאָרט אַ שלאַכט געווינען,
נאָר רוים וועט אייביק בלייבן רוים.
איך האָב געלעסטערט מיין אמונה,
נאָר כ'בין נאָך אַלץ געבליבן איד.
ווי ס'זאָל נישט קלינגען דיר משונה:
אַ כופר — יאָ, אַ בוגד — ניט!

— „דו ביזט מיין פריינט, מיין שר און גואל,
פאַר דיר צו שטאַרבן בין איך גרייט.
צו-שטאַרק איז רוים, יהוה'ס כוהן
זאָל דאַרפן העלפן איר אין נויט.
כ'בין אין רשות פון אימפּעראַטאָר,
מיין גורל איז אין דיינע הענט:
קאָנסט מילד צו מיר זיין, ווי אַ טאַטע,
דו קאָנסט מיך שיקן צום פאַרלענד!" —

* * *

דער קיסר הויבט זיך אויף, אַ מידער:
— „ס'איז שפּעט. איך נויטיק זיך אין רו.
פאַרשטיי, ווען ס'וואָלטן אַלע אידן
געווען דאָרט אויפריכטיק, ווי דו.
וואָלט נישט געווען דערצו געקומען,
ס'זאָל ציטערן אויף מיר די קרוין.
איר זייט אַן אַלטע, מאָדנע אומה,
איך קאָן אייך פּשוט נישט פאַרשטיין.

— „איך דאַנק דיר פאַר דיין קלוגן ענטפער,
און כ'דאַנק דיר פאַר דיין אָפן הארץ:
בלויז קעגן שנאה קאָן מען קעמפן,
פאַר ליבע צאָלט מען נישט קיין שכר.
און דו, מיין פריינט, געווען פאַרנומען
ביזטו דעם גאַנצן טאָג ביז שפּעט.
דערצייל, אויף וועלכע וועגן קרומע
האָט היינט געבלאָנדזשעט דער פּאָעט?" —

ס'טוט פאַר אלישע'ס אויג אַ פלאַטער
פאַרבראָך פון חנה'ס צאַרטע הענט:
— „אָ, גרויסער אויגוסט-אימפּעראַטאָר,
ס'איז היינט אַן עוולה מיר געשען!" —

אין ווערטער ביטערע און הייסע,
מיט פּיין, תחנונים און פּראָטעסט
אלישע אַלץ דערציילט דעם קיסר —
זיין חנה'ס גורל און אַרעסט.
עס נעמט אַ פּאַרמעט אַדריאַנוס
און שרייבט מיט אַלטער, מידער האַנט:
— „באַפרייען באַלד די אידין חנה,
באַפעלט דער קיסר אַדריאַן." —
ער הויבט זיך אויף: — „און בר־כוזיבאַ'ן
באַזיגן וועלן מיר אין שלאַכט.
איך אייל דיך נישט. דו לייג זיך איבער.
דער טאָג איז קליגער פון דער נאַכט." —

6. פּדיון־שבויים

דיביימער שטייען אָפּגעשליסן,
ווי אינגלעך — נאָך אַ היים געשלעג.
אלישע איילט דאָס פערד צו'ר תפיסה,
וואו חנה זיצט אין פּיין און שרעק.
אין אויגן — פרייד, געמישט מיט טרויער,
אין טאָגע — אַדריאַנ'ס באַפעל.
און אָט איז שוין דער תפיסה־טויער.
דער שומר דרימלט אויפן שוועל.

אלישע רוקט אַריין דעם שומר
אַ גאָלדן רענדל מיט אַ שבח:
— „איך קום אין צעזאַר'ס נאָמען, רוימער,
כ'וויל זען דעם עלצטן פון דער וואַך!" —
דער שומר שרייט אַריין אין טירל
און ס'קומט אַרויס דער קאַפּיטאַן.
אלישע ווייזט אים דעם פּאַפּירוס,
געשריבן מיט דעם קיסר'ס האַנט.
דער לעצטער לייענט — און גיט אַ ציטער.
אויף ליפּן — פינצטערער לאַמענט:
— „אַנטשולדיק, האַר מיר און געביטער,
אַ קליינער טעות דאָ געשען!" —

ער טוט אַ יאָג זיך, ווי אין פּאַניק.
מיט אומגעדולד אלישע וואַרט.
ער פירט אַרויס פון תפיסה חנה'ן:
— „פאַרגיב, דאָ איז זי, גרויסער האַר!" —
אַ רגע שטייט זי, ווי פאַרטאַיעט,
אַ קליינע, ציטערדיקע שוואַלב.
זי זעט אלישע'ן — איר באַפרייער —
און פאַלט פאַר'חלש'ט אויף זיין האַלדז.

## ז. גליק

### 1. אשת־חיל

עס איז דער גרויסער אַלעקסאַנדער,
דער העלד פון העלעספאָנטער קריג,
נישט צ׳ריגעקומען פון זיין וואַנדער
מיט קאָפּ מיט שטאָלצערן פון זיג,
ווי מיט זיין חנה׳ן איז אלישע
אַהיימגעקומען יענעם פרי.
די דינער גרייטן ווייסע טישן,
אין אויגן — פרייד און הייסער גלי.
אין גאָרטן טרייסלען די פלאַטאַנען
פון זיך דעם גאָלדענעם פאַרמעג.
אויף בייטן שפּעטע בלומען וויאַנען,
מיט טרערן טויאיקע באַדעקט.
ווי חתן פריידיק טראָגט זיין כלה
אַריבער שוועל אין חופּה־נאַכט,
ער פירט אַריין זי אין דער סאַליע
און זעצט אַוועק זי אויף אַ טאַכט. 1)

אין סאַליע שמעקט מיט זיסער אור־רו,
מיט אינגבער, מירדע און ציקוט:
— „זינט כ׳האָב דערהערט די בייזע בשורה,
האָב איך אַ רגע נישט גערוט.
געוואָלט האָט זי די חיה־רעה,
פאַרצוקן דיך פאַר מיינע זינד,
נאָר ס׳האָט דער קיסר, אונדזער גואל,
מיט גנאָד צעריסן דעם גזר־דין.״ —

אין חנה׳ס אויגן — הייסע, ברוינע —
די ליבשאַפט גליט — ווי שטערן־שאָט:
—„מיט וואָס, האַר, קאָן איך דיך באַלוינען
פאַר פולע לאָגלען מיט דיין גנאָד?״ —
אלישע׳ס אויגן — ווי בורשטינען:
— „דער העכסטער, שענצטער לוין ביזטו.
אין דיינע אָרעמס כ׳וועל געפינען
דאָס גליק פון אויסגעבענקטער רו.״ —
זי הויבט זיך אויף. די ליפּן צאַפּלען.
זי שפּאַנט צו אים מיט ווייכע טריט.
די ליבשאַפט אין די ברוינע אַפּלען,
ווי ס׳ליכט פון מאָרגנשטערן, גליט:

---

1) טאַכט — אַ דיוואַן.

— „מיר וועלן שטענדיק זיין צוזאַמען,
צוויי ווייסע טויבן אין גאָט'ס סאָד —
און ס'וועט די עלטער אונדז, ווי סאַמעט,
מיט טרויער גלעטן און מיט גנאָד.
כ'וועל פירן דיר אַ הויז אַ כשר'ס
און בענטשן ליכט מיט שטיל געזאַנג,
און ריידן וועלן מיר דאָס לשון
פון אונדזער פאָלק און אונדזער לאַנד.

— „און קומען וועט אַן ערב־שבת,
דו וועסט אַהיימקומען פון שול.
כ'וועל אָנצינדן דעם קאַנדעלאַבער,
דאָס האַרץ מיט חדווה איבערפול.
מיט אויגן פינקלדיקע, פייכטע,
מיט פרישן, יוגנטלעכן חן
וועל איך פאַרגיין זיך איבער לייכטער
אין שטיל און העשעדיק געוויין.
דערנאָך זיך צושאַרן צום שרענקל
מיט מידע, וואַקלדיקע טריט,
פון דאָרט אַרויסנעמען מיט בענקשאַפט
און איבערלייענען דיינם אַ ליד,
אַ ליד, וואָס האָסט אַמאָל געשריבן
מיט צוואַנציק־דרייסיק יאָר צוריק,
אַ ליד פון אויסטערלישער ליבע,
פון גליק זיך אָפּזאָגן פון גליק." —

אלישע קוקט אויף איר פאַרטאַיעט.
די ליפּן פליסטערן: — „אַ דאַנק!
אָ, זיי געבענטשט מיר, אשת־חיל,
גאָט'ס שענצטער, טייערסטער געשאַנק!" —

* * *

דעמזעלבן טאָג — אין רויזן־סיידל,
ביים שאָרך פון פליסיקן פאָנטאַן,
פאַרבעטן דינה האָט פאַר עדות
צוויי קרובים פון איר ערשטן מאַן.
ס'האָט חנה אויסגעזען פיל אינגער,
פון פרייד געציטערט, ווי אַ בלאַט,
ווען ס'האָט אלישע ס'גאָלדן רינגל
איר אָנגעטאָן ביים „הרי־את".
די קרובים זענען שטיל געשטאַנען,
די פרייד באַוואונדערט פון דער פּאָר,
געקוקט מיט שטוין — און נישט פאַרשטאַנען:
וואָס איז די איילעניש, פאַרוואָר?

ווען מ׳איז געשטאַנען שוין אין פיר־הויז,
האָט ער צו חנה׳ן צאַרט געזאָגט:
— „כ׳האָב נאָך אַ שליחות דורכצופירן,
איך וועל זיך צ׳ריקקערן ביימאָג.״ —
ער איז אויף שנעל אַרויס אין חצר,
אַריין אין ברוינעם פאַעטאָן
אין שטוין די דינער׳ס אויגן גלאָצן,
און חנה שמייכלט אויף באַלקאָן.

אין קיסר׳ס ווילאַ האָט אלישע
אַ בריוו געלאָזט פאַר אַדריאַן:
— „פאַר ראַטעווען פון רחל׳ס רשעות
מיין כלה,קיסר, דיר אַ דאַנק!
איך האָב געהייראַט היינט מיט חנה׳ן,
און קלייב אַריבער זיך צו איר.
זי וואוינט אויף וויאַ טעראַפּאַנאַ,
ביים טיטוס־סקווער, אַנטקעגן צירק.
אַ דאַנק דיר, קיסר, פאַר די חסדים,
פאַר שיצן מיך אַנטקעגן וועלף,
מיין לעבן כ׳טרוי דיר לפּקדון,
כ׳בין שטענדיק גרייט צו דיין באַפעל!״ —

## 2. ג ל י ק

עס שפּאַנט די צייט מיט ווייכע טלאָען,
ווי איבער מאָכן — אַ גאַזעל.
די גאַנצע פיר־און־צוואַנציק שעה׳ן
דאָס גליק שטייט וואַך ביי זייער שוועל.
אין הויז — מיט זיילן גאָלד־באַזוימטע,
מיט זון־צעשטראַל אויף יעדער שויב —
שפּאַנט חנה אום, אַן אויפגערוימטע,
אַ שטילע, צאַרטע טירקל־טויב.

עס שמעקט אין הויך־געוועלבטער קאַמער
מיט מידרע, אינגבער און קומיש.
אלישע לייענט איר אויף אַראַמיש
דעם תוכן פון זיין „תורת־אי״ש״.
איר בליק איז בלאָנדזשענדיק־נישט־דאַאיק.
זי הערט אין ליכטיקן פּאַרגאַף,
ווי ס׳רוישט די פינצטערניש פון תוהו
נאָך איידער־איידער וועלט־באַשאַף.
ער לייענט, ווי ס׳יערט אין די אין־סופן
דער קריג פון אָדם מיט דער שלאַנג.
זי הערט דעם פליגל־פאָך פון שרפים
און זייער מנחה׳דיק געזאַנג.

און פּלוצים הערט ער: מיט נצחון
לאַכט ס׳חוזק-קול פון סמך-מם:
עס שטייט פאַר אים אַ הוילע רחל
און שמייכלט טראַציק-אומפאַרשעמט.
זיין קול, אין ספּאַזם פון גרויל און אימה,
פאַרגייט זיך וועלפיש אין געוואַי.
עס וועקט אים חנה פון תרדימה
מיט פינגער — גרינג, ווי פרילינג-טוי.
ער רייסט דער אימה׳ס שווערע צוימען
און הערט: אין פרידלעך-גרינעם טאָל
וויברירט, ווי שפּיל פון דינע פליימן,
דער זיסער קלאַנג פון חנה׳ס קול.

* * *

חדשים לויפן נאָך חדשים.
אלישע טובל׳ט זיך אין גליק.
ער זעט: ווי בליציקע של-ראָש׳ן,
שטראַלט חנה׳ס חדווה׳דיקער בליק.
עס שוועבן לויטערע מחשבות,
באַפרייט פון פּענטנדיקער צוים:
— ׳דער מענטש פאַרגעסט דעם בייזן עבר,
׳ווען ס׳לויכט דער עתיד, ווי אַ טרוים.׳

ער שפּאַנט-אום איבער די פּאַלייען
און קלערט: — ׳ס׳האָט חנה אים געבראַכט
׳די ליבע-עפּעלעך, ווי לאה —
׳האָט יעקב׳ן אין חרן-נאַכט.״
׳נישט פערצן יאָר און נישט קיין זיבן
׳פאַר רחל-לאה׳ן נישט געדינט,
׳נאָר ס׳בענקט זיין האַרץ — אַ הייסער קין —
׳נאָך רחל׳ס נישט-דערליבטער ליבע.׳
ער טרייבט דעם שטן פון נצחון
ביי „תורת-אי׳ש״, ביים חצות פון ליד —
און אין געפּעקט פון חנה-רחל
עס היילט אין האַרצן זיך דער שניט.

ער האָט געהערט: בר-כוכבאָ׳ס חיל
באַזיגט האָט רוימער לעגיאָן,
אויף טורעמער ירושלים׳ס
אַ שטאָלצע הענגט יהודה׳ס פאָן.
די רוימער טרעטן-אָפּ אין פּאַניק,
פון דאָרף געטריבן און פון שטאָט.
און ער — אלישע — לעבט אין תענוג,
אין שאָטן פון דעם קיסר׳ס גנאָד.

ווי פלאַמען — איבער ביימער - קרוינען,
עס פויזעט צייט — אַ פייער - בראַנד.
ער ווייסט, ס'וועט קומען טאָג פון עונש —
ס'וועט אים אַ רוף - טאָן אַדריאַן.
צי וועט ער אים פאַר אַלץ באַצאָלן?
צי וועט ער מאַכן לעצטן שריט?
וואָס מער ס'וועט פאָדערן עמלק,
אַלץ מער פאַרבלייבן וועט ער איד.

### 3. די דריי הלכות

די נאַכט איז שטיל אין חנה'ס פּאַלאַץ.
עס שלאָפט אויף זיבן בערגלעך רוים.
אַ ווייסע, אויסגעצירטע כלה,
שפּאַצירט לבנה אום אין רוים.
דער גאָרטן דרימלט, ווי פאַר'כישופ'ט,
אין ווייכע אָרעמס פון דער נאַכט.
דער פּאַלאַץ שלאָפט. און בלויז אלישע
ביים שפּעטן חצות פון לידער וואַכט.

ס'האָט היינט גערופן אים דער קיסר,
געמאָנט אים אָפּצאָלן דעם לוין.
ביז איצט נאָך איילקט אים, ווי בוסר,
דער לאַנגער שמועס אויף די ציין.
עס עקבערט אין אלישע'ס מוח
און בריט דעם קיסר'ס קול, ווי בליי:
— 'באַזיגן קאָן מען נישט מיט כוח
'אַ פאָלק, וואָס איז זיין גאָט געטריי.
'סמוז ערגעץ זיין אַנאַנדער תרופה,
'וואָס האַלטן זאָל דיין פאָלק אין צוים,
'ער זאָל נישט בונטעווען אָן אופהער
'אַנטקעגן מאַכט פון מלכות - רוים.
'אין וואָס באַשטייט זיין קראַפט, אלישע?
'וואו ליגט זיין אויסטערלישער סוד?
'עס העלפט קיין פּיין נישט, קיין נגישה
'אַנטקעגן גלויבן אין אחד.

— 'אחד? ווער איז ער, אָט - דער איינער,
'דער גרויזאַם - שטומער אלהים,
'געהילט אין זיבן פייער - קרוינען,
'וואָס אידן בוקן זיך צו אים?
'וואו הערשט ער — הויך אין בלויען עטער,
'צי איז ער האַר פון פינצטערניש?
'און דו געוואָלט האָסט דאָך דריי געטער
'פאַראייניגן אין דיין „תורת - אי'ש"'. —

און ס'האָט אלישע אים געענטפערט
מיט אָנגעבראָכן - שוואכער שטים:
— 'ס'וועט, קיסר, שווער זיין דיר צו קעמפן
'אַנטקעגן פאָלק פון אלהים.
'דער איד איז אַנדערש — און משונה
'און שטרענג זיין גלויבן איז אין גאָט:
'ער לעבט מיט כוח פון אמונה,
'וואָס שפּראָצט פון משה'ס צען געבאָט.

— 'די אידן האָבן דריי הלכות,
די סאַמע הייליקסטע ביי זיי.
'די ערשטע — טהרת - המשפחה:
'מע טאָר נישט מישן זיך מיט גוי.
'די צווייטע — מילה, ברית - אַברהם,
'דער בונד צעווישן גאָט און איד —
'און אייפערדיק, ווי אַ קנאי,
'ס'געבאָט פון מילה יעדער היט.
'די דריטע איז דער לימוד - תורה,
'די שותפות צווישן איד און גאָט —
'און יענער איז אַן אַפּיקורס,
'וואָס היט נישט אָפּ אָט - דעם געבאָט.
'ס'האָט קיינער נאָך די דריי הלכות
'פון גאָט יהוה נישט געצוימט:
'ס'האָט נישט געקאָנט עס אַנטיוכוס,
'וועט קאָנען עס באַווייזן רוים?' —

געשפּאָנט דער קיסר, ווי פאַר'כישופ'ט,
האָט איבער לענג פון ביבליאָטעק:
— 'איך וועל באַווייזן עס, אלישע!
'אַ נייעם שרייב פאַר זיי קאָדעקס!' —
אלישע טראַכט. פון מידע וויעס
אַ טרער אויף באַק זיך קייקלט הייס:
— 'בין איך אַ מסית ומדיח?
'אַ בוגד? צי אַ כופר בלויז?' —

### 4. ביים אָונט - ברויט

אַ ווינטער - אָוונט. ס'שמעקט מיט פרילינג.
דער הימל אויף די שויבן בלויט.
אין הויז באַלויכטענעם און שטילן
זיי זיצן ביי דעם אָוונט - ברויט.
אין חנה'ס אויגן לויכטן טרערן,
זי קוקט מיט ווייטיק אויף איר האָר.
עס האָט אים איר'ס אַ וואָרט דערצערנט
און ס'האַרץ זיינס אָנגעפילט מיט צער:

— „איר האַרץ — אַ נעסט פון זינד און רשעות,
און ס׳איז די זינד איר נישט קיין יאָך.
צוואָוואָס זיך פּייניקן, אלישע —
דו ביזט נישט שולדיק אין איר בראָך.״ —
ער הערט זי אויס. אין מידע אַפּלען
דער ווייטיק שפּילט, ווי יונגער וויין.
און פּלוצים טוט זיין ליפּ אַ צאַפּל —
און ס׳פליסן ווערטער, פול מיט פּיין:

— „ס׳האָט גאָט באַשאַפן אַלע קראָען,
זיי זאָלן ווײַס זיין, ריין — ווי שניי.
נאָר אין אַ פינצטערן שגעון
פאַר גאָט געזינדיקט האָבן זיי.
האָט ער אין צאָרן און נקמה
באַשטראָפט מיט שוואַרצקייט זייער מין.
און איך? די פינצטערע נשמות
איך זוך צו רייניקן פון זינד.״ —
אין אויגן טריקענען די טרערן.
זי קושט אים אייפערדיק און צאַרט:
— „פאַרגיב די טיפּשות מיר, מיין לערער,
מיין מאַן, מיין תנאַ און מיין האַר!״ —
* * *
און פּלוצים לויפט אַריין אַ דינער,
בלייבט שטיין אין ווינקל, ווי פאַרשטאַרט.
די ליפּן קרימען זיך און פינען:
— „פאַרגיט מיר, האַרינטע און האַר!״ —
פון שרעק צעאַקערט איז דאָס פּנים,
ביים דינער ציטערן די הענט:
— „עס פרעגט אויף אייך זיך די מאַטראָנע,
וואָס איז אַנומלט דאָ געווען.״ —
אין חנה׳ס אַפּלען פּחד פינעט.
פון שטול אלישע הויבט זיך אויף.
זיי גייען ביידע נאָך דעם דינער,
וואָס לאָזט פאַראויס זיך אין געלויף.

אין בלויען, הויך-געוועלבטן פיר-הויז
שפּילט רחל זיך מיט ווייסער קאַץ.
זי לייענט איר פּאָר פון אַ פּאַפּירוס
און קאָרמעט זי פון זילבער-טאַץ.
אויף רחל׳ס ליפּן — שלויע, פרומע —
אַ שמייכל וועקט זיך, ווי פון שלאָף:
— „כ׳בין, מיינע פריינט, אַהער געקומען
צו ווינטשן אייך אַ מזל-טוב!

— „ס'איז ווי אַ זילבערנע לבנה,
די כלה שיין אין ווייסן קלייד —
און איך געמיינט האָב, די אַלמנה
איז אַלט און מיאוס, ווי דער טויט." —
זי קוקט אויף חנה'ן מיט הכנעה:
— „איך ווייס, איך האָב פאַרשאַפט דיר פּיין.
כ'גיב־צו, עס איז געווען אַ טעות,
פאַרגיב — און לאָמיר ווערן פריינט!" —

* * *

די לופט איז טראַגעדיק מיט וואַנען
ביים אָוונט־ברויט אין רייכן הויז.
זיי זיצן דריי: אלישע, חנה
און רחל — שטייף און האַלב־אַנטבלויזט.
זי טרינקט אַ בעכער נאָך אַ בעכער,
אין אויגן צישעט שלאַנגען־סם.
און יעדער כוס איר האָט צעפעכערט
און שנאה פינעט, ווי דער ים:

— „איך זע, ביזט גליקלעך, גרויסער תנא,
בין איך צופרידן מיט דיין גליק.
עס איז דער קיסר אַדריאַנוס
צו־שטאַרק פאַרנומען מיטן קריג.
אַנישט וואָלט ער אַליין געקומען
אַהער דיר ווינטשן מזל־טוב.
ער האָט דיך ליב. נאָר אונדזער אומה
האָט צוגערויבט ביי אים דעם שלאָף."
זי גיט אַ שויבער די פריזורע
און רעדט מיט ביטערניש און שפּאָט:
— „דער קריג גייט נישט אינגאַנצן כשורה —
בר־כוכבאַ זיגט אין דאָרף און שטאָט.
ער האָט באַזיגט ירושלים"... —
אַרויסרוף אויף די ליפּן שוימט:
— „נו, לאָמיר אויסטרינקען „לחיים!"
פאַר זיג פון יהודה איבער רוים!" —

זי טרינקט, ווי ז'וואָלט געשלונגען פייער,
און ס'קייכט דער ביטול אין איר קול:
— „דו שרעקסט זיך מאַכן אַ „לחיים!"
מיט מיר פאַר אונדזער אייגן פאָלק!
צי האָסט דעם גלויבן שוין פאַרלוירן,
אַז יהודה קאָן באַזיגן רוים?
צי אפשר האָסטו פאַר מיר מוראַ —
און האַלסט די ווערטער אויף אַ צוים?" —

אויף חנה׳ס שטערן טריפלען, טריפלען,
ווי ווייסע פערל, טראָפּנס שוויים.
זי בויגט דעם קאָפּ אַן טיפער, טיפער —
און ס׳פּאַלט אַ טרער אַריין אין שוים.
אין שיין פון גילדערנע מנורות
דער חוזק בליצט אין רחל׳ס בליק:
— „דו האָסט געזיגט, איך האָב פאַרלוירן...
כ׳בין נישט מקנא דיך מיט זיג!” —

אויף אירע באַקן, גרוי און אַשיק,
זיך מיניען פליאַמעס — וויים, ווי קרייד.
זי נעמט אַרוים פון רויטן טאַשל
אַ פּעקל, איינגעהילט אין זייד.
זי מעסט אים אָפּ מיט בליקן קאַלטע:
— „דאָ האָסטו אַלע דיינע בריוו.
בלויז איינעם וועל איך דאָ פאַרהאַלטן
פאַר קיסר אַדריאַנ׳ס אַרכיוו.
און זאָל אַרויסגעבן דער קיסר
זיין הויכן, גנעדיקן ווערדיקט...
און איצט, אַז האָסט מיך אָפּגעשטויסן,
איך פאָדער מיינע בריוו צוריק.” —

ער נעמט אַרוים פון צעדער־שרענקל
אַ פּעקל בריוו אויף בלוי פּאַפּיר,
מיט שטילער פּיין און הייסער בענקשאַפט
ער גיט אַ שטרעק זיי אוים צו איר.
מיט גרינע, שנאה׳דיקע בליקן,
מיט פינגער — פיבערדיק און צאַרט —
זי גיט אַ פליק די בריוו אין שטיקער:
— „אַזוי צעריסן איז מיין האַרץ!
זאָל זיין, דו האָסט געהאַט אַ סיבה...
ווערסט גליק געפינען ביי דיין ווייב.
נאָר אונדזער נישט־דערליבטע ליבע
וועט אייביק וויינען אין דיין לייב.” —

זי לאָזט זיך גיין צו׳ר טיר אין וואַקל.
אין אויגן — פינצטערער באַשייד:
— „פאַר אונדזער חשבון דער סך־הכול
איז ווייט, אלישע, נאָך נישט גרייט!
עס איז אַ צייט איצט פון סכנה
פאַר דיר און יעדן איד אין רוים.
איך וואָרן דיך: דו האָסט דאָ שונאים.
דיין אָרט נישט דאָ איז — פאַר אַהיים!” —

## ח. דער שטאָם רופט

### 1. ביים פרעמדן פייער

דריי יאָר אַוועק שוין, זינט געקומען
אַלם גר אלישע איז קיין רוים,
פאַרשטויסן פון זיין לאַנד און אומה —
און זיך פאַרפלאָנצט אין נייער היים.
אַזויפיל פרייד, אַזויפיל פיינען
האָט אים געבראַכט די פרעמדע שטאָט —
און טעמפּער ווערן יוגנט־טענות
אַנטקעגן פאָלק און לאַנד און גאָט.
אלישע ז׳מיד פון רחל׳ס וואַנען,
פון האַס, וואָס האָט זיין הארץ פאַרקוילט —
און בלויז די פרייע ליבשאַפט חנה׳ס
די שייטערדיקע וואונדן היילט.

נאָר שווער, ווי שווער איז אים, דער נזיר,
די טרייע ליבשאַפט פון זיין ווייב.
און אָפטמאָל שפּאַנט ער אַרום אַזיער
און ספקות פינצטערע ער טרייבט.
ער טרייבט פון זיך אַ בייזן רעיון,
וואָס בייטשט זיין מוח ווי אַ רוט:
— ׳ער וואַרעמט זיך ביי פרעמדן פייער,
׳ווען ס׳גייט דאָס פאָלק זיינס אָפּ מיט בלוט.

— ׳וואָס טוט ער דאָ — אין לאַנד פון נכר,
׳ווען שונא שטעט און דערפער צינדט?
׳וואו איז זיין דבורה? זיין משפחה?
׳נעמי — זיין איין־איינציק קינד?
׳וואוהין דערפירט האָט אים די מרידה?
׳צו נישט־דערטרוימטער ׳תורת־אי״ש׳?
׳ווערט כפירה ברענגען אים צו בגידה,
׳צום טיפסטן תהום פון פינצטערניש?
׳זיין ׳תורת־אי״ש׳? איז דאָס דער דרך?
׳צי אפשר האָט ער גאָר געגרייזט?׳ —
די ספקות מאַטערן און שווערן
און פרירן ס׳האַרץ, ווי גליבעס אייז.

אלישע׳ן מאַטערט דאָס געוויסן —
און ס׳ווייכט פון אויגן אים דער שלאָף:
— ׳פאַר כפירה איז מען חיב־מיתה —
׳וואָס קומט פאַר בגידה פאַרא שטראָף?׳ —

## 2. אַ בריוו פון מאיר'ן

אלישע זיצט אין קילן גאָרטן.
די שקיעה צאַנקט אויף בוש און בוים.
דאָס ווייטע שאַלן פון קאָהאָרטן
האָט אָפּגערוישט שוין איבער רוים.
און פּלוצים — הינטער רויש פון בלעטער
וואַקסט אויס אַ דינער — שטום און שטאַר:
— „דעם האַר וויל זען אַן אַלטער בעטלער,
ער האָט אַ שליחות צו דעם האַר!" —
— „פיר באַלד אַריין אים!" — זאָגט אלישע
מיט שטיל-בנעימותדיקן קול:
— „און ברענג מיט זיך אַ ווייכן קישן,
אַ לאָגל ווייַן, אַ כּוס און שאָל." —
ס'פאַרשווינדט דער דינער איבער שטעגל.
אלישע שפּאַנט פאַרווירט נאָך אים.
ביים אומבויג קומט אים אָן אַנטקעגן
זיין אַלטער לערער ניקאָדים.
די שקיעה-שטראַלן אים באַגילדן
פון קאָפּ ביז לעדערנעם סאַנדאַל.
אלישע שטייט שטוין אין ווילדן —
און פאַלט זיין לערער אויפן האַלדז.
דער לערער שלעפּט אַרויס פון פאַלדן
פון קלייד צעריסענעם אַ שריפט:
— „איך האָב פון מאיר'ן, דיין תלמיד,
געבראַכט, אלישע, דיר אַ בריוו.
ער איז געווען אין קיסריה,
אין קליידער גריכישע פאַרשטעלט,
געזאָגט: — 'מוזט מאַכן די נסיעה
'צום תלמיד דיינעם, דעם רעבעל.'" —

* * *

ער פירט מיט פרייד זיין אַלטן לערער
און זעצט אַוועק אים אויף אַ באַנק:
— „פאַר ווייטן וועג, פאַר טירחה שווערער
אַ דאַנק דיר, ניקאָדים, אַ דאַנק!" —
ער רייסט מיט פיבערדיקע פינגער
דעם זיגל פון זיין תלמיד'ס בריוו.
ער לייענט — און פייערדיקע רינגען
זיך מיניען היים דורך טרערן-טריף:
— „אין גאַנצן לאַנד — באָרכה וברחבה —
סעווערוס שפּאַנט, ווי אַ באַרבאַר:
ער האָט פאַרטריבן שוין בר-כוכבא'ן
אין פעסטונג ביתר אויפן באַרג.

— „און צו באַזיגן אונדז, די אידן,
מיט שאַרף פון פלאַמעדיקער שווערד,
האָט ער גענוצט גערמאַנער, סקיטן —
די ווילדסטע חיות אויף דער ערד.
די שונאים קריכן, ווי די ווערעם,
פון דאָרף צו דאָרף, פון שטאָט צו שטאָט,
פאַרוויסטן הויז און פעלד און כרם
מיט בייזן, טראַמפּלדיקן טראָט.
פאַרשפּילט מיר האָבן די מלחמה.
יהודה ז'וויסט און גליל ז'פּוסט.
דיין דבורה ז'טויט, נאָר ס'לעבט נעמי,
זי שיקט פון אושאַ דיר אַ גרוס.
געראַטעוועט פון ווילדן שטורעם
האָט זי אַ יונגער קאָמאַנדיר.
זי וואוינט ביי מיר אין הויז — און ברוריה 1)
איז ווי אַ מאַמע דאָ צו איר.

— „אין חרוב'ע, פאַרברענטע שטיבער
די אידן קריצן מיט די ציין
אויף פאַלשן גואל — בר־כוזיבאַ'ן
און שילטן פינצטער זיין געביין.
און ר' עקיבאָ — גאָט'ס שליח,
וואָס האָט מיט גלויבנדיקער האַנט
געזאַלבט בר־כוכבאַ'ן פאַר משיח,
איז איצט שוין קעגן ווידערשטאַנד.
דער גרייז יהושע בן־חנניה
געווען איז קעגן דעם רעוואָלט,
ער וויל זיך זען מיט אַדריאַנ'ען
און ראַטעווען דאָס רעשט פון פאָלק.

— „מיר האָבן אויך, ווי דו, געצווייפלט
אין זיג בר־כוכבאָ'ס איבער רוים.
איצט — נישט מיט שווערד, מיט שדי'ס ספר
מיר זוכן ראַטעווען די היים.
עקיבאָ, טרפון און יהושע
געבליבן זיינען אין געפעכט.
אוועק ביזטו בלויז, בן־אַבויה —
ווי קאָנסטו — איינער — זיין גערעכט ?
נאָר ס'איז נישט צייט איצט פאַר קיין טענות,
ווער ס'איז גערעכטער: דו, צי זיי,
ווען שונא ברענט און שעכט און פייניקט
באַגלייך דאָס פויער־פאָלק און פּני.

---

1) ברוריה — מאיר'ס ווייב.

— „און דו, מיין פריינט און גרויסער תנא,
איך הער, דו האסט געפונען חן
ביים קלוגן קיסר אדריאנ׳ען,
ביזט א מקורב צו דער קרוין.
פארגעם די שאנד און פיין פון חרם
און שטיי דיין פאלק און לאנד אין נויט:
מוזט ראטעווען דאס ביסל שארית
פון וויסט, פארטיליקונג און טויט.
געדענקסט, ווען ס׳האט שוין אפגעפלאקערט
דער לעצטער בית-המקדש זייל,
גע׳פועל׳ט ביים שונא האט בן-זכאי 1)
א פלאץ אין יבנה אויף דער ווייל.
נאך יבנה איז געקומען אושא,
אלעקסאנדריע און בני-ברק.
מיר האבן שטענדיק בליץ פון קדושה
געפונען אויף דער שארף פון האק.״ —

## 3. אלישע׳ס שלום-פלאן

אויף מארגן-פרי איז צו אלישע׳ן
געקומען אדריאנ׳ס שטאפעט:
— „דער קיסר פראוועט היינט א משתה,
צו זיך דעם תנא ער פארבעט!״ —
אויף פאלאטין — פון דאך ביז טויער —
דער פאלאץ לויכט — א ראזער טרוים.
אלישע טראכט: זיין לאנד ז׳אין טרויער,
און דא פון חדווה יובלט רוים.
אין אויפנאם-זאל: אויף הסב-בעטן,
ארום די טישן — — ביי די ווענט —
טריבונען, זונות און פאעטן,
האלב-ליגנדיק, האלב-אנגעלענט.
און אויבנאן זיצט אדריאנוס,
ביים ערשטן טיש — די האר קארבירט.
לעם אים זיצט רחל-לופיאנא,
א שווארצער שוואן — אין גאלד-געציר.
איר קלייד — א קונסט-ווערק פון געמעלן —
איז ווי א פאווע אויסגעשפרייט:
אויף גרינעם פאן — אוזארן געלע,
געהעפט מיט גאלד און שווארץ און רויט.

---

1) יוחנן בן־זכאי — דער גרויסער אידישער תנא, וואס האט גע־פועלט ביים קיסר אספסינוס נאך דעם חורבן פון צווייטן בית־המקדש צו גרינדן א ישיבה אין יבנה.

און קוועסטאָר שעצאַל — קעגנאיבער,
לעם אים זיצט קרעטוס — דער טריבון.
און דיכטער צינוס שטאַרט אין פיבער
אויף לופיאַנאַ׳ן, ווי אַ הונט.
פון שפייזן ברעכן זיך די טישן.
די דינער האָוועןֿ־אוס, ווי פיך.
דער קיסר גיט אַ וואונק אלישע׳ן
און רופט אים זעצן לעבן זיך.
אלישע קוקט אויף רייכער סעודה.
דער קיסר רעדט צו זיינע געסט:
— „כ׳באַגריס דעם תנאַ פון יהודה,
וואָס איז געקומען צו מיין פעסט!״ —
ביים קיסר׳ס זייט זיך זעצט אלישע,
איז טועם אַ כזית שפייז.
מיט ווינקל־אויג ער זעט: אויף קישנס
די ליפן לופיאַנאַ בייסט.
און שעצאַל מאַכט אַ בייזע מינע.
זי ענטפערט אים מיט בלאַנקען שטאַר.
מבוסם, פינטלט דיכטער צינוס.
אלישע קוקט און שווייגט און וואַרט.
עס ברעכט די שטילקייט אַדריאַנוס.
אלישע הערט. זיין האַרץ — אין שרעק:
— „אַ צייט שוין נישט געזען דיך, תנאַ,
דו אַרבעטסט נאָך אויף דיין „קאַדעקס״?
סעווערוס האָט פאַרשפאַרט אין ביתר
בר־כוכבאַ׳ס לעצטע צוועלף קאַהאַרט.
זיי האַלטן דאָרט זיך, די פאַררעטער,
ווי מייז — אין פאַסטקע, באַלד אַ יאָר.״ —
אויף קיסר׳ס צוקנדיקן פנים,
ווי פערל, לויכטן טראָפּנס שוויים:
— „און דו? האָסט אָפּגעשפּאָרט זיך שונאים,
זיי ריידן אָפּט אויף דיר דאָ בייז.
געפונען מ׳האָט אויף טיטוס־טויער
צעקריצט די „כלים״ 1) און פאַרשמירט.
די שונאים דיינע אין שגעון
זיי לייגן אַלץ אַרויף אויף דיר.
זיי טענה׳ן: — ׳תנאַ פון יהודה
׳האָט גוטן קיסר אָפּגענאַרט.
׳האָסט אים באַהאַנדלט, ווי אַ ברודער —
׳מיט בייזן צאָלט ער דיר דערפאַר.

---

1) די „כלים״ — די כלים פון בית־המקדש, וואָס טיטוס הרשע האָט געהייסן אויסקריצן אויף דער טריאומפאַלער אַרקע אין רוים.

— „׳באַזעצט זיך צווישן זײַנע ברידער,
׳ביי אַן אַלמנה אין פּאַליי,
׳צו זיך גערופן רוימער אידן,
׳גענומען בראָיען צווישן זיי.
׳די היגע אידן מקדמונים
׳זיי זיינען טריי צו מלכות־רוים,
׳האָט ער, אלישע, ווי אַ שונא,
׳גענומען רופן זיי אַהיים.׳ —
די שונאים דיינע גיפטיק העצן
און שווערן זיך ביי קרוין און טראָן,
אַז ס׳ברעכט דער תנאַ רוים׳ס געזעצן,
אַז ביסט בר־כוכבאָ׳ס אַ שפּיאָן.
איך גלויב זיי נישט, פּאַרוואָר, אלישע.
זיי נעמען ערנסט ז׳נישט כדאי.
עס רעדט פון זיי בלויז גאַל און רשעות,
כ׳ווייס, דו ביזט מיר און רוים געטריי.״ —

ער וואַרפט אויף געסט אַ בליק, אַ שווערן.
זיי שטאַרן, פינצטערע, ווי בעק:
— „עס שרייבט פאַר מיר דער גרויסער לערער
אַ נייעם אידישן קאָדעקס.״ —
אויף רחל׳ען שעצאַל קוקט און שמייכלט
און גיסט זיך אָן אַ כוס מיט וויין.
זי זיצט — אַ טראַציקע, אַ בלייכע —
איר האַרץ — אַ נעסט פון פרייד און פּיין.

אלישע׳ם האַרץ דערשפּירט סכנה.
אין אויגן — פיבערדיקער ברען:
— „כ׳בין גאַרנישט שולדיק מיינע שונאים.
מיין לעבן איז אין דיינע הענט.
איך דאַנק דעם קיסר פאַר די חסדים,
וואָס האָסט מיט מיר ביז איצט געטאָן.
איך דאַנק, וואָס גלויבסט נישט אין די חשדים
אַנטקעגן רוים און קעגן טראָן.״ —

— „איך זוך נישט אומברענגען יהודה, —
ביים קיסר טוט אַ צוק די ליפּ:
— „פאַרשטיי, אלישע, ווי אַ ברודער,
איך האָב דיך ליב, באמת ליב!
כ׳בין אַלט און קראַנק. ס׳האָט מיר דער גורל
געשענקט אין לעבן ווייניק פרייד.
איך וויל באַזיגן בלויז דעם מורד,
קיין רוים אים ברענגען אויף אַ קייט.

— „אין בלוט שוין לעשט זיך די מרידה.
און דו קאָנסט העלפן מיר און רוים:
איך וויל נישט אומברענגען די אידן,
איך וויל זיי האַלטן בלויז אין צוים.״ —

עס גיט דער רעיון פון בגידה
מיט סם אלישע׳ס האַרץ אַ לעק:
׳אָן עם־קשה־עורף, ווי די אידן,
׳עס וועט נישט העלפן קיין „קאָדעקס״.׳
ער גלייכט זיך אויס: — „אויב דיר איז ניחא,
הער־אויס מיך, קיסר אַדריאַן.
איך קום צו דיר מיט אַ שליחות —
אַ בעסער מיטל איז פאַראַן.
מיין לאַנד איז וויסט און לעבט אין פאַניק,
דאָס פאָלק איז הונגעריק און מיד.
דו קענסט דעם אַלטן בן־חנניה,
ער איז אַ גרויסער מענטש און איד.
ער ז׳גרייט צו קומען בעטן שלום
ביים גוטן קיסר אַדריאַן,
נאָר שווער איז אים פאַרלאָזן גליל,
ר׳איז איבער אַכציק... כ׳האָב אַ פּלאַן:

— „עס איז באַזיגט שוין בר־כוזיבא,
ס׳קאָן ביתר דויערן נישט לאַנג:
דער קיסר קאָן איצט בלויז מיט ליבע
אויף טויט צעטרעטן אויפשטאַנד־שלאַנג.
וואָס שנעלער שיק־אָפּ אַ ידיעה
צו רופוס׳ן מיט אַ שטאַפּעט:
׳דער קיסר קומט קיין קיסריה,
׳גרייט - צו אַ פּרעכטיקן באַנקעט!׳

— „כ׳וועל לאָזן וויסן ר׳ יהושע:
׳ס׳איז גרייט צו זען אייך אַדריאַן!׳
דאָס גיט צושטייער בן־אַבויה
פאַר רוים, פאַר קיסר, פאַר זיין לאַנד.
און אַז דער ישיש וועט דיך בעטן
אַ נייע יבנה. זאָג אים צו:
די תורה וויכטיקער פאַר ביתר
איז פאַר מיין פאָלק, וואָס זוכט בלויז רו.
ביז דאַן וועט מיין „קאָדעקס״ שוין גרייט זיין
אויף אַראַמעאיש און לאַטיין,
נאָר כ׳גלויב, אַז פאָלגן וועסט מיין עצה,
וועט מיין „קאָדעקס״ נישט נויטיק זיין.״ —

דעם קיסר׳ס פנים גיט אַ ציטער:
— „איך שווער ביי געטין הערא׳ס טראַכט,
איך שווער ביים לייבן־קאָפּ יופּיטער׳ס —
דו האָסט עס, תנאַ, גוט פאַרטראַכט.
ס׳געפעלט, אלישע, מיר דיין תרופה,
כ׳נעם־אָן דיין קלוגן אידן־פּלאַן.
איך שיק אַ בריוו צו טיניוס רופוס:
׳ס׳קומט קיין יהודה אַדריאַן!׳
מיר הויבן גלייך אָן די נסיעה.
איצט בין איך זיכער אין דערפאָלג.
דו פאָרסט מיט מיר קיין קיסריה,
וועסט העלפן צוימען מיר דיין פאָלק.״ —

## 4. צוריק אַהיים

אלישע איילט אַהיים צו חנה׳ן.
זיין הארץ — אַ זינגעוודיקע פלייט.
אין שלייפן קלאַפּן, ווי טאַראַנען:
דער צער, די זעליקייט און פרייד.
די נאַכט איז ביטערלעך, ווי מאַנדלען,
ווי טייטלען, זיס איז נאַכט פון רוים.
אלישע מיד איז שוין פון וואַנדלען,
ס׳איז צייט אויף רו אין אַלטער היים.

אין אַלקער חנה וואַרט אַ וואַכע.
אין קופּער־בעקן צאַנקט אַ קנויט.
די אויגן — פול מיט גרויל און פּחד,
פון טרערן אויפגעפלאַמט און רויט.
אלישע פאַלט פאַר איר אַנידער
און קושט פון קלייד איר׳ן די זוים:
— „איך גלויב, וועסט, חנה, זיין צופרידן —
איך פאַר מיט קיסר אָפּ פון רוים.״ —

עס בליצט אַ טרער אויף אירע וויעס:
— „אלישע, טרייסט מיינע, מיין מאַן,
איך פאָר מיט דיר קיין קיסריה,
פון דאָרט קיין מגדל איז אַ שפּאַן.
שוין צוואַנציק יאָר, ווי ס׳הארץ מיינס חלומ׳ט
צוריקצוקערן זיך אַהיים,
און דאָרט באַזעצן זיך בשלום,
אַוועק פון פרעמדן, קאַלטן רוים.״ —
זי פליסטערט שטיל מיט ליפּן פרומע:
— „זאָל גאָט באַשערן מיר דעם שכר —
צו ברענגען צ׳ריק צו אונדזער אומה
זיין פרעמד און אויסגעוואָרצלט הארץ.״ —

## א. דער וועג צוריק

### 1. חנה'ס טויט

דער מיטל - ים איז שטיל און רואיק.
מע זעט שוין קיסריה'ער ברעג.
דעם מולד'ס ליכטיקע רצועות
זיך ציען גאָלדיק איבער דעק.
דעם קיסר'ס שיף — אַ שוואַן אַ בלויע —
זיך גליטשט אויף אויבערפלאַך פון ים.
אלישע ציילט די לעצטע שעה'ן:
ער פאָרט אַהיים, צוריק צום שטאַם.
אין רוימען שרייען ווייסע מעוועס.
ער זעט: אין הייסן שטערן - גלי,
ווי ס'הענגט די שאָף פון „מזל - כבש"
אין עמער פון דעם „מזל - דלי".

אין קילער שלווה פון קאַבינע
אין שלאָף שוועבט חנה. ס'איז איר טרוים —
אַ ווייסער, שטערנדיקער כינור:
זי וועט שוין מאָרגן זיין אין דר'היים.
און ער? אויף וויטיקדיקע וויעס
דריי שעה שוין עקשנ'ט זיך דער שלאָף:
וואָס וואַרט אויף אים אין קיסריה —
אַ נייער אָנהויב, צי דער סוף?

און פלוצים — עפנט זיך אַ טירל.
ביים האַרצן טוט אַ קלעם די שרעק.
מיט פאַרזיכט, איילנדיק און גיריק,
צוויי שאָטנס שאַרן זיך אויף דעק.
זיי הויבן - אויף אַ שווערע משאַ:
אַ וויג... אַ שליידער איבער באָרט...
אַ רגע - צוויי: אַ פליעסק אין וואַסער...
און ווידער שטיל — קיין פיפס, קיין שאָרך...
די רגע'ס זשומען, ווי די בינען.
ס'פאַרשווינדן שאָטנס, ווי די קרעט.
ער לויפט אַרונטער אין קאַבינע —
און זעט: ס'איז ליידיק חנה'ס בעט.

* * *

אלישע שפּאַנט, די הענט פאַרבראָכן,
אויף שטילן דעק אין מולד - שיין.
ער ווייסט: אין אַלץ איז שולדיק רחל —
און ס'ברומט אין אינגעווייד די פּיין.

אין מאַרך, פאַרפּלייצט פון אַ געוויסער,
אַ רעיון עקשנט זיך העל-רויט:
— ’צוויי טויטן שוין אויף איר געוויסן —
’סאַבינאַ’ס טויט און חנה’ס טויט.
’ווי ווייט, ווי ווייט קאָן גרייכן רשעות?
’איז מותר אַלץ פאַר לעצטן ציל?
’און איז דען ער, אויך ער,אלישע,
’נישט שולדיק אין דעם רצח-שפּיל?’ —

דער מולד פּאַשעט, ווי אַ פּאַסטעך,
די זילבער-סטאַדעס שטערן-שאָף.
אלישע שפּאַנט. עס קרעכצן מאַסטן.
פון מידע אויגן ווייכט דער שלאָף.
— „קום, שלאָף, מילדער שלאָף,
מאַך מיר צו די אויגן.
איבער לויטערן אין-סוף
איז אַ טויב געפלויגן.
— „האָט אַ שפּאַרבער נאָכגעקוקט
נאָך דער טויב אַ רגע —
און אַ הויב און אַ פאַרצוק
מיט די שאַרפע נעגל.” —
פון בלייכן מולד, ווי פון תליה,
דאָס טויבן-בלוט פון חנה’ן טריפט...
פאַרטאָג צום פּאָרט פון קיסריה
איז צוגעשוואומען קיסר’ס שיף.

## 2. דעם קיסר’ס באַטרוג

דריי טעג שוין יובלט קיסריה
מיט פּויקן-הילך און צימבל-קלאַנג:
אין הייזער — פּרעס און זויף און ניאוף,
אויף גאַסן — שיכור’ער געזאַנג.
פון נגב-זאַמד ביז ים-כנרת
דאָס לאַנד פאַרוויסט האָט — דאָרף און שטאָט —
דער זיגער — גענעראַל סעווערוס
מיט שווערן, טראַמפּלדיקן טראָט.
און בלויז אויף שטיינערנעם געקלעטער
אַ יאָר שוין — צווישן גרויע בערג —
בר-כוכבאָ האַלט זיך אויף אין ביתר
אַנטקעגן רוימיש מיליטער.
דריי טעג שוין יובלט קיסריה —
יהודה איז אין רוימער’ס האַנט.
ס’איז אויסגערוט שוין פון נסיעה
דער אַלטער קיסר אַדריאַן.

אויף אידן-געסלעך שפּאַנט דער מולד,
אין שטומען טרויער איינגעהילט.
די אידן שווייגן, ווי אַבלים,
ווען ס׳ליגט דער מת נאָך אויפן דיל.
עס טוקט זיך שלאָס פון פּראָקוראַטאָר
אין שפּעטער זון — פון דאַך ביז שוועל.
דער רוימער אָדלער פלאַטערט, פלאַטערט
אויף העכסטן שפּיץ פון ציטאַדעל.
אין טאָגע זיידענער — דער קיסר
אויף טראָנשטול זיצט, די האָר קאַרבירט.
און לעבן אים — מיט בליק, מיט הייסן —
אלישע זיצט, ווי אין דעליר.

אויף רעכטער זייט — מיט בליקן שווערע,
מיט רויט-מגושם׳דיקע הענט —
דער זיגער — גענעראַל סעווערוס
אויף זילבער-שווערד זיצט אָנגעלענט.
אויף לינקער זייט — פּאַרנעם און גופיק,
געמיש פון רוימער און פון איד,
זיצט פּראָקוראַטאָר טיניוס רופוס
און שמייכלט חוצפּה׳דיק און מיד.
אין קלייד פון סאַמעט טונקל-רויטן,
באַזוימט מיט ווייסן הערמעלין,
מיט דיאַדעם אויף האָר פאַרשנייטע
זיצט רחל אונטער באַלדאַכין.

* * *

פון פייער-פּאַנען ציען רויכן
פון רויזן, נעגעלעך און מירט.
דער קיסר גיט אַ שטילן צייכן —
אַ ליקטאָר עפנט-אויף די טיר.
ס׳באַווייזט זיך אויפן שוועל יהושע:
די ברעמען גרוי, געדיכט און דיק,
דאָס פּנים — פאַרמעט-געל און רואיק,
אין אויגן — יוגנטלעכער בליק.

צוויי יונגע אידן אין טליתים
דעם ישיש פירן שטאָלץ און פרום.
פון טראָנשטול קוקט אויף זיי דער קיסר —
און ס׳קלינגט זיין קול אָפּ מיט אַ ברום:
— „ס׳באַגריסט יהושע׳ן אַדריאַנוס,
דער הערשער איבער מלכות-רוים.
כ׳באַפעל דעם אַלטן, קלוגן תנאָ
אַ קוש-טאָן פון מיין קלייד די זוים.״ —

ס׳בלייבט שטיין יהושע, ווי פֿאַרגליווערט,
פֿון טראָנשטול בלויז אַ צוויי-דריי שפּאַן.
זיין קול קלינגט - אָפּ מיט שטאָלץ און חשיבות:
— „איך ברענג דיר פֿרידן, אַדריאַן!
מיין לאַנד איז וויסט פֿון פֿלינדער-פּלאָגן,
מיין פֿאָלק איז מיד פֿון קריג מיט רוים!״ —
ער בייגט זיך אָן צום קיסר׳ס טאָגע —
און גיט אַ קוש די בלויע זוים.

דער עולם שטאַרט, פֿאַרווירט, מאוים.
עס כיכעט שעצאַל — דער האַרבול.
עס טוט אַ וואַקל זיך יהושע —
דער ליקטאָר טראָגט אים צו אַ שטול.
אין קיסר׳ס אויגן גליט נקמה.
ס׳איז האַרט, ווי קיזלשטיין, זיין קול:
— נישט רוים, יהושע, האָט מלחמה
מיט אייך, האַרטנעקיקע, געוואָלט.
דאָס האָט איר, פֿאַרכטיקע תנאים,
אַנטקעגן רוים דאָס פֿאָלק געהעצט,
מיט אייך — די היץ-קעפּ, די קנאים,
צו מורד-זיין אין רוימ׳ס געזעץ.

— „געקרוינט דעם ליגנער בר-כוזיבאָ׳ן,
פֿאַר מלך פֿון יהודה-לאַנד,
געהאָפּט אַריינוואַרפֿן אין טיבער
דעם אַלטן קיסר אַדריאַן.
און איצט, אַז ס׳האָט מיין העלד סעווערוס
אין ביתר אייער „העלד״ פֿאַרשפּאַרט,
איצט קומט איר מיט חרטה-טרערן,
מיט ווערטער ווייך-מאַכן מיין האַרץ.
דו ברענגסט מיר פֿרידן און הכנעה,
ביזט מודה, אַז איר האָט געגרייזט.
וואָס מאָנט איר, פֿאַרכטיקע תנאים?
דערקלערט מיר, וואָס איז אייער פּרייז?״ —

עס הויבט זיך אויף דער אַלטער תנאָ.
עס ציטערן ביי אים די הענט:
— „מיר מאָנען דאָס, וואָס אַספּסינוס
בן-זכאַי׳ן האָט אַמאָל געשענקט.
אויב ס׳וועט באַוויליקן דער קעניג
דעם לימוד-תורה אין זיין גנאָד —
דאָס פֿאָלק וועט ווערן אונטערטעניק
און דינען אייפֿערדיק זיין גאָט.

— „אַז אידן וועלן לערנען תורה,
וועט רואיק ווערן אונדזער לאַנד.
דערלויב אין אושא ,אין צפורי
אַ נייע יבנה, אַדריאַן!" —
דעם קיסר׳ם ליפּן קרימט אַ שמייכל,
און ס׳טוקט אַ פייערל אין בליק:
— „ניין, תנאַ, ס׳האָט דעם אידנ׳ם שכל
אונדז איינמאָל שיער איבערגעקליגט.
מיט רייד פאַרפירערישע, שלויע
האָט איר מיין פאָרגייער גענאַרט.
צו נישט - באַשניטענע, צו גויים,
איר טראָגט אַ האַס אין אייער האַרץ.
כ׳דערלויב אייך נישט צו לערנען תורה.
פאַרצייכן, רופוס, מיין פאַרבאָט:
אין יבנה, אושא, צי צפורי
כ׳פאַרבאָט זיי דינען זייער גאָט!
און דו, יהושע, זאָג די אידן:
עס וועט שוין וויסן מלכות - רוים
צו צאָלן מורדים פאַר בגידה
און האַלטן אייער פאָלק אין צוים!" —

יהושע הויבט זיך אויף: — „אַדרינוס,
איך שווער ביים שלום פון מיין זעל,
האָסט היינט אויף אייביק אין סכנה
געשטעלט דעם שלום פון דער וועלט." —
אויף קיסר׳ם ליפּן שוימט די רשעות,
אויף פּנים — צוקנדיקער רעג:
— „געפעלט דיר, פריינט מיינער, אלישע,
ווי אויסגעטייטשט כ׳האָב דיין קאָדעקס?" —

אין געלער טאָגע, ווי אַ טיגער,
איז גרייט אלישע צום פאַרצוק.
ער שפּירט: עס האָט דער רוימער זיגער
זיין האַרץ צעלעכערט מיט באַטרוג.
עס וועקט זיך אויף אין אים דער תנאַ.
ער וואַרפט אַ בליק אויף דעם המון:
— „אַ, אימפּעראַטאָר אַדריאַנוס,
נישט דאָס, נישט דאָס האָב איך געמיינט!
אין רוים, בעת אונדזערע וויכוחים,
אין שטילקייט פון דיין ביבליאָטעק,
האָב איך פאַרטרויט דיר, אַז כ׳בין מוכן
אַ נייעם אָנשרייבן „קאָדעקס":

— „און שפּעטער האָסטו ביי דער סעודה
פאַרזיכערט מיך מיט טרער אין קול:
'איך וויל נישט אומברענגען יהודה,
'כ'וויל האַלטן בלויז אין צוים דאָס פאָלק.'
כ'האָב נישט געגלויבט דעם אימפּעראַטאָר,
געטרויט דעם דיכטער אַדריאַן,
האָב איך אין פריינטשאַפט, ווי אַ טאַטן,
דאַן פאַרגעשלאָגן דיר מיין פּלאַן:
אַז דו זאָלסט אויפנעמען יהושע'ן,
דערלויבן אַ ישיבה בוי'ן —
און אונדזער פאָלק וואָלט זיך באַרואיקט,
געצאָלט, ווי פריער, מס דער קרוין.
און דו האָסט מיינע ווערטער, קיסר,
דאָ אויסגעטייטשט אין פאַלשן ליכט:
דו האָסט מיין רבי'ן אָפּגעשטויסן
און מיר געשפּיגן אין געזיכט.
דער רוימער יאָך אויף העלדזער שווער איז.
מע שטיקט אין הערצער דעם געשריי.
עס זויגן אידיש בלוט: סעווערוס
און רופוס — ווי שאַקאַלן צוויי.

— „פאַרוואָר אַ, אויגוסט אימפּעראַטאָר,
איך קלאָג דיך אָן פאַר גאָר דער וועלט:
האָסט אונדזער חבר'שאַפט פאַרראַטן,
האָסט אונדזער ברודערשאַפט געפעלשט!
איך שווער ביים כבוד פון מיין אומה,
האָסט מיאוס געפעלשט אין מיין חזון.
איך האָב קיין חלק אין דער טומאָה,
ס'איז מיין געוויסן זיבער-ריין.
און דו, צעשטערער און פאַרניכטער
פון אונדזער פאָלק און אונדזער לאַנד,
ס'וועט פאַרן זיך אין דער געשיכטע
דיין שם מיט טיטוס'ן אין שאַנד!" —

דער קיסר הויבט זיך אויף: — „פאַררעטער,
האָסט מיך גענאַרט מיט „תורת-אי'ש" —
דו שטעלסט אין שפּיץ פון אַלע געטער
דיין שדי — גאָט פון פינצטערניש.
דו האָסט פאַרדינט אַ שווערע מיתה,
נאָר ס'איז צו-גרינג פאַר דיר איין טויט...
פאַרשפּאַר אים, רופוס, אין אַ תפיסה —
און זאָל ער פוילן דאָרט אין קויט!" —

## 3. רוימ'ס פאַרבאָט

אַ יאָר פאַרביי. געזיגט דער שונא.
אין חורבות ביתר ליגט שוין לאַנג.
פאַרראַטן האָבן די שומרונים.
בר-כוכבאָ ז'טויט — און ס'קרעכצט דאָס לאַנד.
עס יובלט רוים און שוימט מיט שנאה.
די עיר-הקדושה טויט איז, טויט.
און עליא-קאַפּיטאָלינאַ
אויף אירע חורבות ווערט געבויט.
עס האָט דער קיסר תלי-תלים
אַרויסגעגעבן אַ פאַרבאָט:
נישט היטן שבת און ברית-מילה
און ס'טאָר אַ איד נישט דינען גאָט.
ס'איז יעדער תנאָ חיב-מיתה
פאַר עובר-זיין אויף רוימ'ס פאַרבאָט.
עס זיצן צען תנאים נ'תפיסה —
און רופוס גרייט זיי צום שאַפאָט.
באַזויפט, פאַר'שיכור'ט פון נצחון,
דער קיסר איז אַוועק קיין רוים.
נאָר צ'ריגעבראַכט האָט שפּעטער רחל'ען
קיין קיסריה העלער טרוים:
זי מוז באַפרייען איר אלישע'ן —
און אויסקויפן פאַר אים דעם חטא.
חרטה-טרערן נעצן ס'קישן —
עס זאָל נישט ווערן שפּעט, צו-שפּעט...

## 4. רחל'ס קרבן

דער אָוונט גליט אין בלויען טורעם
מיט פייכטער, שטיקנדיקער היץ.
אין שוואַרצע הימלען קנאַלט דער שטורעם
און איבער בוימער-שורוועדם בליצט.
אין בלויען קלייד פון היאַצינטן
אויף לען-שטול רחל זיצט פאַרקלערט.
זי הערט דעם אורגעוואַי פון ווינטן,
דאָס ווייטע הירזשען פון אַ פערד.
זי וואַרט און וואַרט אויף טיניוס רופוס,
ער דאַרף היינט קומען אויף באַזוך.
דעם גאַנצן טאָג עס גיסט אָן אופהער —
און ס'שוידערט איבער לייב אַ סקרוך.
מע קלאַפּט. עס וועקט זי פון תרדימה
דער אַלטער דינער אויפן שוועל:
— „עס וואַרט אין אויפנאַם-זאַל דער רוימער!" —
— „פאַרבעט אַהער אים, צעלוס, שנעל!" —

ס׳שפּאַנט רופוס שווער. פון געלער טאָגע
דער בויך דער רונדער שפּאַרט אַרויס.
די אויגן — ווי צוויי ביסטרע אָגערס
אויף פּנים, אויסגעווייקט פון שווייס:
— „כ׳בין גרייט, אָ, ווירדיקע מאַטראָנע,
וואָס ס׳האַרץ דיינס פּראַסטיק איז, ווי אייז,
באַפרייען אלישע׳ן פון סכנה,
אויב וועסט באַצאָלן מיר דעם פּרייז.
וואָס איז דיין ענטפער, לופּיאַנאַ?״ —
איר בליק אים עקבערט, ווי אַ שרויף:
— „ווען ס׳וועט באַפרייט ווערן דער תּנא,
וועל איך באַצאָלן דיר דעם חוב!״ —

## 5. אין תּפיסה

די טעג אין תּפיסה קאַפּען, קאַפּען,
ווי דריבנע טראָפּנס — טעמפּ און בלינד.
די שעה׳ן, ווי די קעץ, זיך דראַפּען
מיט רגע׳ס — מיט צערייצטע הינט.
פון אומעט און פון פּיין פאַרשיכורט,
אלישע שפּאַנט איבער דער צעל.
ער האָט שוין לאַנג פאַרברענט די בריקן
צעווישן מענטש און גאָט און וועלט.

ער האָט שוין לאַנג דעם לעצטן חשבון
געמאַכט מיט זיך, מיט גאָט און שטאָט.
דאָס דריבנע רעגנדל פון חשוון,
ווי טרערן, טריפט אויף פענצטער־ראָם.
אומזיסט געווען איז דער געקלעטער
צום אַלערהעכסטן שפּיץ פון באַרג:
עס האָבן אַלע פרעמדע געטער
מיט פאַלשער בלענדיקייט גענאַרט.
אלישע שטייט און דאַוונט שחרית,
אין אַלטן טלית איינגעהילט.
עס איז דער תּנאַ זיך מתיחם
מיטן אַלטן שדי אין דער שטיל.
ס׳געזיכט באַראַמט מיט באָרד און פּאות,
אין אויגן — פלאַקערדיקער וואָן.
ווי שלאַנגען, ביים עפּיקורייער
רצועות וויקלען זיך אויף האַנט.
עס וואונדערט זיך דער שטומער וועכטער
און שטעלט זיך אָפּ ביי קראַטעס אָפּ
און קוקט אויף לעדערנע געפלעכטער
און מאָדנעם שאַכטל אויפן קאָפּ.

ער זעט: עס שפּאַנט אַרום אלישע,
אַ לייב, אַ שטאָלצער — אין אַ שטייג,
פאַרצייכנט עפּעס אויפן טישל
און ווידער שפּאַנט אַרום — און שווייגט.
— „ס'האָט גאָט פאַרשאָלטן די יודעער!" —
דער וועכטער מורמלט אין דער באָרד.
אַ פרוי באַווייזט זיך אין אַ שלייער
ביים עק פון לאַנגן קאָרידאָר.

זי שטרעקט אין האַנט אוים אַ פּאַפּירוס
און קוקט באַפעלעריש און שלוי.
דער וועכטער עפנט אויף דאָס טירל
און לאָזט אין צעל אַריין די פרוי.
די הענט, צום דוכענען פאַרבראָכן,
אלישע שטאַרט אינמיטן צעל:
פאַר אים הכנעה'דיק שטייט רחל —
אַ מידע וועלפין, אויפן שוועל.
איר פּנים בלייך, די ליפן צישען.
עס קלאַפּט אַ צאָן איר אויף אַ צאָן:
—„איך האָב געמוזט דיך זען, אלישע,
פאַרוואָר, דיין לעבן שטייט אין קאָן." —

ער קוקט אויף איר. די וויעס פאָכן:
— „די צעזאַרין פון רוימער — דו!?
וואָס האָט געבראַכט אַהער דיך, רחל,
צו שטערן מיר די לעצטע רו?" —
ער וויקלט שנעל אָפּ די רצועות,
ווי שלאַנגען — פון דער לינקער האַנט.
אין אויגן פיבערט בייז, מאוים
אַ שטילער, פלאַקערדיקער וואַן:

— „אין דיינע שלאַנגען - אויגן גרינע
איך זע די נעגל פון אַ ברוט:
דאָס בלוט פון צעזאַרין סאַבינאַ,
מיין חנה'ס צניעות'דיקע בלוט.
דיין לעבן איז אַ נעסט פון טומאה,
דיין הארץ — אַ נעסט פון סם און זינד.
צואוואָס ביזטו אַהער געקומען?
אַנטרין, פאַרשאָלטענע, פאַרשווינד!" —
זי קוקט מיט שטוין אויף גוף, דעם שלאָפן —
און שפּירט דעם חורבן פון איר טרוים:
— „עס שטייט פאַר דיר אַ פּראָסטע שקלאַפין,
און נישט די צעזאַרין פון רוים.

— „דו האָסט מיין ליבע צ׳ריקגעשליידערט —
אַ ביין צו אַלע בייזע הינט.
בין איך אין אומגליק און אין ליידן
געזונקען טיף אין זומפּ פון זינד.״ —

אין אויגן — גרינע פינצטערנישן,
און קנייטשן - שלאַנגען — אָרום מויל:
— „פאַרגיב די זינד מיינע, אלישע,
כ׳האָב דיר נישט אַלץ, נישט אַלץ דערציילט.
ווען כ׳בין אַוועק פון קיסריה
מיט איבער זיבן יאָר צוריק,
כ׳האָב אויסגעפונען אויף נסיעה:
ס׳האָט גאָט געבענטשט מיך און באַגליקט.
איך האָב אַ קינד פון דיר געבוירן,
דיר קיינמאָל נישט דערציילט דערפון —
אַ זון — אַ ליכטיקע מנורה,
אַ גאָלדיק - שטראַלנדיקע זון.

— „געווען איז אַדריאַנוס זיכער,
דאָס קינד — אַ שפּראָץ איז פון זיין זוים.
האָט ער געוואָלט וואָס גיכער, גיכער
מיך קרוינען צעזאַרין פון רוים.
ער וואָלט געהאָט אַ יורש - עצר,
אַ קינד אַן אייגנס אויף זיין טראָן,
נישט אַנטאָנינוס׳ן, דעם העצער,
דעם אויסגעטראַצלטן טעווטאָן.
נאָר ס׳האָט דער יורש אַנטאָנינוס
געדראָעט מיט אויפשטאַנד און פאַרראַט —
און ס׳האָט געהאָלפן אים אין שנאה
דער גאַנצער רוימישער סענאַט.

— „און איינמאָל, ווען איך בין געזעסן
מיט קיסר ביי אַ פעסטיוואַל, —
(כ׳וועל ביזן טויט שוין נישט פאַרגעסן
דעם טאָג פון ביטערניש, ווי גאַל!)
האָט אויפגעבראָכן אַנטאָנינוס
פון חדר קינדערשן די טיר,
צום טויט דערשלאָגן מיינע דינער —
און צוגערויבט דאָס קינד ביי מיר.
ווען כ׳בין ביינאַכט אַהיימגעקומען,
דערזען דעם פינצטערן באַשייד,
געווען דער מינדסטער שפּור פון מומר׳ס
פאַרברעכן לאַנג שוין, לאַנג פאַרוויים.

— „כ'האָב זיך דערוואוסט מיט וואָכן שפּעטער,
אין בראָך, אין וויטיק און אין וואָן:
אויף פעלדזן אונדזער קינד צעשמעטערט
האָט אַנטאָנינוס — דער טיראַן.
און אַדריאַן האָט זיך דערשראָקן
פאַרפירן מיט סענאַט אַ קריג,
האָט ער פאַרגעבן אַלץ זיין בנק'ל,
אים בלויז קיין גאַליע 1) פאַרשיקט.
און דאַן ביזטו קיין רוים געקומען,
געוואָרן אַדריאַנוס' פריינט.
איך האָב געוואוסט אין פיין און אומעט:
מיט שוואַרצער קנאה ר'האָט דיך פיינט.

— „דערנאָך געקומען איז דער מרד,
בר-כוכבאָ'ס בליציק-שנעלער זיג:
ווי אַ פאַרוואונדעטע פאַנטערע,
אַריין דער קיסר איז אין קריג.
ער האָט פאַר'כישופ'ט דיך מיט שפּרוכן,
גענומען דיך אונטער זיין שוץ,
נאָר סוף-כל-סוף פאַר דער מלוכה
ר'האָט דיך, אלישע, אויסגענוצט.

— „ער האָט דיר צוגעזאָגט: יהושע'ן
דערלויבן א ישיבה בוי'ן,
דערנאָך געבראָכן ר'האָט זיין שבועה —
און אַלץ פאַר רוים'ס פאַר מאַכט און קרוין.
און ווען דו האָסט אַראָפּגעריסן
די מאַסקע פון זיין שלוי געזיכט, —
האָט ער פאַרשפּאַרט דיך דאָ אין תפיסה —
אויף אומקום, פוילעניש, פאַרניכט." —
געווען ז'יהושע ערשטער קרבן
פון רוים'ס פאַררעטערישער מאַכט:
אין פיין און ערגערניש געשטאָרבן
דער תנאָ איז אין יענער נאַכט." —

* * *

זי שווייגט אַ ווייל און וואַרט געדולדיק
אין אויגן — פינצטערער באַשייד:
— „דו האָסט, אלישע, מיך באַשולדיקט
אין חנה'ס און סאַבינאַ'ס טויט.
יאָ, צוליב מיר — פון בייזער שנאָה,
כ'האָב דיר דערציילט עס לאַנג שוין, לאַנג —
האָט אַלטע צעזאָרין סאַבינאַ
געטויט זיך דעמאָלט מיט אַ שלאַנג.

— „נאָר כ'שווער דיר דאָ: אין טויט, אין חנה'ס
בין איך נישט שולדיק — גלויב מיר, גלויב!
זי איז געווען צווישן קאָניעס
די ריינסטע, צניעות'דיקסטע טויב.
אין יענער נאַכט פון שאַנד און ווייטיק
אַ מיאוסער טעות איז געשען:
געוואָלט האָט שעצאַל דיך גאָר טייטן —
ביזטו אין צימער נישט געווען.
געהעצט האָט שטענדיק אַדריאַנ'ען
דער קוועסטאָר שעצאַל קעגן דיר:
ס'האָט דיך געזוכט — און נישט דיין חנה'ן —
אין יענער גרויל-נאַכט דער וואַמפּיר.

— „ער איז אַרונטער אין קאַבינע,
פון בלוט פאַר'שיכור'ט און פאַרשווער,
דערזען אַ גוף — און אין זיין שנאָה
אים דורכגעלעכערט מיט אַ שווערד.
און אין גרוים איילעניש, אין חשכות
געמיינט, אַז דו ביזט עס געווען —
און ערשט אויף מאָרגן האָט דער משחית
זיין טעות ביטערן דערזען.
כ'האָב שפּעטער, ערשט אין קיסריה,
דערוואוסט זיך וועגן דעם פאַרברעך:
געווען די טעג מיר, ווי די תליות,
ווי שלאַנגען צישיקע — די נעכט.
כ'האָב נישט געוואוסט פון זיינע פּלענער,
ביים אָנדענק כ'שווער פון אונדזער קינד.
נאָר ס'איז דערמיט נישט מינדער, קלענער
פאַר דעם פאַרברעכן אויך מיין זינד.

— „איך בין צוריק קיין רוים געפאָרן
מיט אַדריאַנ'ען — ווי צום טויט.
און ווי אַ שטעכעדיקער דאָרן,
געווען ז'מיין פינצטערער באַשייד.
איך בין געפאַלן צו די קני אים,
געקושט ביים קיסר דעם סאַנדאַל:
'כ'וויל פאָרן צ'ריק קיין קיסריה!'
און וועגן אונדז דערציילט אים אַלץ.
און אָפּגעקילט האָט זיך די ליבע
פון אַדריאַנוס — דעם יעוונוך.
און ס'האָט דער קיסר מיך פאַרטריבן
פון זיינע אויגן מיט אַ פלוך:

— „׳איך האָב אייך פיינט, אייך — אַלע אידן:
׳אלישע׳ן, בר־כוזיבאָ׳ן, דיך —
׳איר חלומ׳ט אייביק פון מרידה
׳און גלויבט אין פינצטערן משיח.׳ —
געווען זיין ליבע איז אַ ליגן,
אַ צייט־פאַרטרייב, פערוועריז און פויל —
האָט אַדריאַן מיך אויסגעשפּיגן,
ווי אַ צעפּוילטן צאָן פון מויל.
מיין זעל צו רייניקן פון טומאָה,
אַ בעטלערין — אויף שוועל פון טיר,
בין איך צוריק אַהער געקומען:
איך האָב אַ שליחות דאָ פאַר דיר.
עס מאַטערט לאַנג מיך דאָס געוויסן
און ס׳פרעסט מיין האַרץ חרטה־פּיין:
דו וועסט פאַרפוילט ווערן אין תפיסה —
דער קיסר האָט אונדז ביידן פיינט.״ —

* * *

ער קוקט אויף איר, ווי אַ צעמישטער,
מיט שטאַרן אויג פון סגינהור.
ער וועגט און מעסט און זוכט און נישטערט
פון יוגנט־ליבע מינדסטן שפּור.
ער זעט: ס׳האָט איבער קאָפּ דעם ברוינעם
פאַרשפּרייט זיך גרויקייט פון איר לאָק.
ווי ס׳וואָלט אַריבער ביימער־קרוינען
די נאַכט פאַרטריבן שיין פון טאָג.

און ס׳נעמט אַרום אים אַ רחמנות
צו אָט־דער אומגליקלעכער פרוי,
וואָס קאָן אין ליידן און סכנות
זיך גלייכן צו העלען פון טראָי.
די ליפּן זיך אין וויטיק קרימען
און ס׳בליצט אַ רעיון, ווי אַ שפּיז:
—׳זי איז נישט שלעכט. איך האָב אין דמיון,
קאָן זיין, פאַר׳משפּט זי אומזיסט!׳ —

אין פּנים בייט זיך אים די מראה,
אין אויג זיך צינדט חרטה־גלי.
ער זעצט אַוועק זי אויף דער נאַרע —
און לייגט דעם קאָפּ אויף אירע קני.
עס שמעלצט זיך פינצטערער פאַראיבל
אין פלאַם פון לאַנג־פאַרברענטער בריק:
ער וואָלט אויף אייביק דאָ פאַרבליבן
מיט איר אין זעליקייט און גליק.

ער קוקט אין אירע שלאַנגען-אויגן,
וואָס מיניען זיך פון גרין אויף גרוי.
אַ קראַנקער, טרויעריקער פויגל,
ער רעדט מיט ווייטיק און פאַרטרוי:

— „אין מרד קעגן דער יצירה,
אין רייסן דער אמונה׳ס קייט —
דעם גלויבן האָט געטייט די כפירה,
נאָר אויך דער אומגלויבן איז טויט.
און צווישן אומגלויבן און גלויבן
און צווישן רעכטיקייט און חטא
כ׳האָב דיך געזוכט צו גאָט דערהויבן —
און דו? דו שלעפּסט מיך רק אין בעט.
כ׳האָב דיך געוואָלט פון טומאה-חושך
דערהויבן צו דער קדושה-הויך,
האָסטו דעם שענצטן שטיין פון חושן
אויף זונה-אוירינגלעך פאַרברויכט.
דיין גורל, דיין באַרוף, דיין תורה
געווען איז אייביק, אייביק-ווייב.
כ׳בין בלויז געווען דער לעצטער אורח
אויף רייכער סעודה פון דיין לייב.

— „דו ביזט געווען מיין סם-המות,
נאָר, גאָט, ווי איך האָב דיך געליבט:
געווען מיין האַרץ-קלאַפּ און מחשבה,
מיין לייב-און-לעב מיט דיר פאַרקניפּט.
איז מיר געוואָרן ס׳לעבן ענגער,
ווי אויף דער טריקעניש — אַ פיש —
האָב איך געמוזט די ליבע ברענגען
אַ קרבן פאַר מיין ׳תורת-אי׳ש׳.״ —

עס נעמען רחל׳ס הענט אים ווישן
פון הויכן שטערן קאַלטן שווייס:
— „נישט זיי מייאש זיך, אלישע,
ס׳איז אַלץ נאָך דאָ פאַר אונדז אַ טרייסט!״ —

— „פאַר אונדז?... געדענקסט, אין קיסר׳ס ווילאַ,
אויף שויב געגליט האָט שקיעה-פלאַם,
האָסטו פאַרשאָלטן מיך, ווי בלעם,
מיט קללה — ביטערער פון סם:
׳וועסט אפשר זיך אַליין אַנטווישן
׳אין כפירה דיינער קעגן גאָט,
׳זיך צ׳ריקקערן צו תורת-משה,
׳צום וואָרן, איינציקן אחד.

— ׳און ביטער זיין וועט אחר׳ס גורל:
׳זיין טרוים געפּלאַצט, ווי אַ באַלון...
׳דו האָסט צוליב אַ פאַלשער תורה
׳צעשמעטערט אונדזער ליבע - בונד׳...
דו ביזט געדעכט געווען: מקוים
געוואָרן איז אין שאַנד און שפּאָט
דיין וויסטע, פינצטערע נבואה —
ס׳איז ווי מיין ליבע, טויט מיין גאָט.״ —

ער הויבט זיך אויף: — „ס׳איז אַלץ צעבראָכן:
די ליבע, אייפערזוכט און פיין.
כ׳האָב ביזן סוף געטרונקען, רחל,
דעם פולן כוס מיט טערפּקען וויין.
ס׳איז אַלץ אין מיר שוין אָפּגעשטאָרבן,
מיין גוף — אַ פינצטערער סקעלעט.
איצט קומסטו ברענגען מיר אַ קרבן,
צו - שפּעט צו שלאָגן זיך על - חטא!
עס וועט דיין קרבן נישט פאַרדעקן
דעם טויט פון די קרבנות צוויי.
געווען ז׳דיין לעבן שוא - ושקר,
דו וועסט נאָך ענדיקן, ווי זיי,״ —

* * *

זי שטייט — אַ מירמלנע סטאַטוע,
אין בליק — אַרויסרוף, מוט און וואַן:
— „הער - אוים, אלישע בן - אבויה,
איך קום דיר אויסשטרעקן אַ האַנט!
פאַרוואָר, איך גלויב, איך האָב אַ תרופה,
כ׳וויל ביזן סוף דיר בלייבן טריי:
איך האָב געפּועלט ביי טיניוס רופוס,
אלישע, ר׳וועט דיך לאָזן פריי.
עס וויל דער רשע צען תנאים
אין צירקוס אומברענגען די טעג,
פאַרצוקן וויל די חיה - רעה
ישראל׳ס ליכטיקסטן פאַרמעג.

— „עס האָט מיר רופוס, דער מחבל,
אַן אויסטערלישן תנאַי געשטעלט:
די הינריכטונג וועט זיין דעם שבת
פאַר בירגער, זעלנער און געזעל.
אויף אַלץ, אויף אַלץ כ׳בין איינגעגאַנגען,
אַבי דיך ראַטעווען פון טויט.
גיב - אויף פאַר׳עקשנ׳טן געראַנגל
פאַר אונדזער ליכטיקן באַשייד.

— „ער וויל דיך ברענגען פון דער תפיסה.
ס'איז זיין כוונה קלאָר און שלוי:
אַז דו זאָלסט צוזען זייער גסיסה —
און ריידן שלעכטס אַנטקעגן זיי.
נישט פרעג ביי מיר, וואָס כ'דאַרף באַצאָלן
דעם רשע רופוס'ן דערפאַר —
דיך אויסלייזן פון זיין ממשלה,
כ'בין גרייט צו צאָלן העכסטן שכר.

— „פאַר אונדזער גליק, פאַר אונדזער ליבע
נעם־אָן, אלישע, רופוס' תנאַי.
אין צוויי־דריי טעג וועט אַלץ אַריבער —
און דו וועסט פריי־זיין, פריי־זיין, פריי.
כ'האָב אָנגעגרייט פאַר שלעכטע צייטן
אַ שלל מיט דימענטן און געלט —
מיר וועלן אויף אַן אינדזל וויטן
אַוועק פון טומלדיקער וועלט.
עס האָט די נכר־וועלט פאַרראַטן
דיין 'תורת־איש', מיין יוגנט־טרוים:
דער לאַגאָם־כוהן — הינטער גראַטעס,
אַ זונה — צעזאַרין פון רוים." —

ער שפּרינגט־אָפּ, ווי פון שלאַנג געביסן,
און שיפּעט בייז דורך קריץ פון ציין:
— „איך וויל פאַרבלייבן דאָ אין תפיסה,
כ'וויל צו דער הינריכטונג נישט גיין.
איך וועל נישט מסר'ן חברים
צו בלייבן לעבן אויף דער פריי.
זיי האָבן מיך געלייגט אין חרם,
נאָר איך וועל בלייבן זיי געטריי." —
זי הויבט זיך אויף און שפּאַנט צום טירל,
אַ וועלקער, ציטערדיקער בלאַט.
זי נעמט פון קאָרבל אַ פּאַפּירוס:
— „כ'האָב דיר געבראַכט דיין „אי'ש־טראַקטאַט".
איך האָב אַנומלט אים געפונען
אין רוים, אין קיסר'ס ביבליאָטעק:
דאָס איז די קרוין פון דיין אמונה,
דיין גאַנצער גייסטיקער פאַרמעג!" —

אלישע רייסט דעם פאַרמעט נ'שטיקער
און נעמט אים טראָמפּלען מיט די פיס:
— „כ'האָב לאַנג דערטראַכט זיך שוין צום עיקר,
אַז אי'ש איז פאַלשער פון דעם קריסט!" —

## 6. עשרה הרוגי מלכות

עס רוישט דער סטאַדיום מיט פרויען און מיט מענער,
מיט זעלנער, פּויערפֿאָלק — אַ גרויער בינענשטאָק.
עס שטייט דער תּליון גרייט אויף זאַמדיקער אַרענע
און ציילט אין מוח שוין דעם ריווח פֿון דעם טאָג.
עס שאַלט־אויס אַ טרומפּייט. ס׳ווערט שטום אַמפּיטעאַטער.
עס וואַרט מיט אומגעדולד דער ערב־רב און פּני.
אַ ליקטאָר שפּאַנט פֿאַראויס, נאָך אים — דער פּראָקוראַטאָר,
דער דיקער רופֿוס שפּאַנט אין טאָגע — ווייס, ווי שניי.
ער וויקלט אויף מיט האַסט אַ לענגלעכן פּאַפּירוס
און לייענט, און לייענט. דער עולם האָרכט און שווייגט.
ער גיט אַ צייכן שטיל. עס עפֿנט זיך אַ טירל.
אַ מאַן פֿירט ראָש אַרויס אַ וויגנדיקע שטייג.
אין קראַטעס אָנגעשפּאַרט, געבויגן, ווי אַ דוהע,
באַוואָקסן, ווי אַ בער — אין פֿינצטערן גערזאַנק —
אין באָרד און פּאות שטייט אלישע בן־אבויה —
און קוקט אויף דעם המון, אין אויגן — ווילדער וואַן.

ס׳שאַלט ווידער אַ טרומפּייט. אויף זאַמדיקער אַרענע,
מיט קעפּ געהויבענע, אין בלענדיק־ווייסן ליין,
די ליפּן פֿליסטערן, די אויגן ברענען, ברענען —
מע פֿירט תּנאים צען — ישׂראל׳ס שטאָלץ און שיין.
און רופֿוס שמייכלט שלוי. אַריבער עולם׳ס צישן
ר׳זעט רחל׳ס בלענדיק לייב... ער רייבט די רויטע הענט:
— „כ׳בין גרייט דיך לאָזן פֿריי. דערצייל אונדז בלויז, אלישע,
ווי ס׳האָט פֿאַרראַטן רוים איעדער פֿון די צען!״ —
אלישע גיט אין שטייג אַ ריס זיך צו דעם רשע —
ער וויל אַרויסרעוועץ זיין אידן־האַס צו רוים.
נאָר פּלוצים ער דערשפּירט: עס נעמט אים אָפּ דאָס לשון.
ער טוט אַ פֿאַל אין שטייג, אַן אָפּגעזעגטער בוים.

דער עולם שטוינט אין וואַן. די בליקן גליען, גליען.
אַ צייכן רופֿוס גיט. דער תּליון ציט די שווערד —
און שטאָלצער, יונגער קאָפּ פֿון שמעון בן־גמליאל —
אַ פּולער, רייפֿער זאַנג — אַ פֿאַל־טוט צו דער ערד.
עס יובלט דער המון. עס שווייגן די תּנאים.
מיט האַסט מיט וואָלפֿישן דער תּליון גיט אַ שפּרונג —
און ס׳קייקלט זיך דער קאָפּ פֿון כּוהן ר׳ ישמעאל
מיט נישט־דערבעטענער, מיט תּפֿילה אויף דער צונג.
עס יובלט דער המון. אין הימל וויינט די שכינה.
עס שמייכלט רופֿוס בייז. דער תּליון ציילט דאָס גאָלד.
ער בינדט די תּורה צו צום גוף פֿון ר׳ חנינא
מיט צוויגן טרוקענע, מיט נאַסע קנוילן וואָל.

און ס׳ברענט חנינאַ׳ס גוף — אַ פלאַמעדיקער פאַקל,
ווי משה׳ס מדבר־סנה — און לעשט זיך נישט און ברענט.
עס הירזשעט דער המון פון גרויזאַמען ספּעקטאַקל
און טופּעט מיט די פיס און פּעטשלט מיט די הענט.
תלמידים שוידערן און בעטן זיך ביים רבי׳ן:
—„וואָס זעסטו, תרדיונ׳ס זון, אויף לעבנ׳ס לעצטער שוועל?—
—„כ׳זע: ס׳ברענען פּאַרמעטן און אותיות שוועבן, שוועבן...״
און ס׳הויכט חנינאַ אויס זיין זויבערדיקע זעל.
עס יובלט דער המון. דעם תליון, דעם מחבל,
דאָס הירזשען פון המון אין אויער זיס איז, זיס.
ער גיט מיט האַסט אַ כאַפּ יהודה׳ן, זון פון בבאַ —
און ווי אַ רעשעטע, צעלעכערט אים מיט שפּיז.

די זון צום מערב נויגט. נאָר רופוס׳עס נקמה
איז נישט געזעטיקט נאָך — און פלאַקערט, ווי אַ שייט.
דער תליון כאַפּט ביים האַלדז יהודה׳ן, זון פון דמה,
און מיט דער בלויזער שווערד אין שטיקער אים צעשניידט.
עס רעוועט דער המון אין פינצטערן נצחון —
ער האָט שוין לאַנג אַזוינס אין צירקוס נישט געזען.
מע פירט ר׳ חוצפּית׳ן — פּאַרטייטשער פון הלכות,
אַ הדרת׳דיקער גרייז מיט ציטערדיקע הענט.
עס שטייט דער ישיש שטאָלץ און פינטלט מיט די אויגן.
דער תליון טוט אַ וואָרף אויף דינעם האַלדז אַ שטריק.
ר׳ חוצפּית גיט אַ שפּרונג — אַ צאַפּלדיקער פויגל —
און ס׳לעשט זיך אויף דער תליה זיין פאַרשטאַרטער בליק.

און רופוס שטראַלט פון פרייד. זיין אויג פון נחת פינקלט.
ס׳זיצט רחל לעבן אים אין קלייד פון היאַצינט.
די בליקן—אויף דער שטייג. דער תליון שטאַרק און פלינק איז:
ר׳שניידט אויס ר׳חוצפּית׳ צונג—און וואַרפט זי פאַר די הינט.
עס רעוועט דער המון. די אויגן — היים, ווי קינען,
אין דאָרשטיקייט נאָך בלוט, נאָך זודיק אידיש בלוט.
דער תליון רייסט־אַראָפּ דאָס קלייד פון בן־חכנאַי
און פּאַסעוועט זיין גוף מיט פייערדיקער רוט.

די זון צום מערב נויגט אין פלאַמעדיקער שריפה.
אויף הימלען קופּערנע די שקיעה ברענט און בלענדט.
און ס׳ברענט אויף שייטערהויפן ר׳ ישבב סופר,
אין לעצטער ברכה שטרעקט די דוכנדיקע הענט.
דער תליון פירט אַרויס אליעזר בן־שמוע:
ר׳האָט הונדערט יאָר געדינט געטריי אין גאָט׳ס געצעלט.
ער הערט אין הימל ס׳קול פון שאַלנדיקער תרועה —
און ווי אַ לאַם אַ שטילע, הויכט ער אויס זיין זעל.

פאַרבליבן איינער בלויז. ס׳האָט רופוס מיט אַ כיון
פאַר טויט פאַר גרויזאַמען — דעם לעצטן — אים געלאָזט.
עס שפּאַנט מיט פרומע טריט דער תנאָ ר׳ עקיבאָ,
אין אויגן לויטערע לויכט חשמל־שיין פון חצות.
דער תליון קעמט זיין לייב מיט פייערדיקע קאַמען.
דער תנאָ שטומט. ער איז מתיחס זיך מיט גאָט.
כביכול ציטערט־אויף, ווען ער דערהערט פון פלאַמען
עקיבאַ׳ס: — „שמע ישראל אַדושם אחד!״ —
אלישע שאַלט פון שטייג אַריבער שטומע רייען:
— „ס׳איז פאַלש מיין „תורת־אי״ש״ — אַ טמא׳דיק געפעס.
דער איינציקער אחד איז אהיה אַשר אהיה,
אַן אים איז אמת טויט, אָן אים איז אמת — מת!״ —

## 7. רחל׳ס טויט

און יענע נאַכט אין בלויען טורעם
האָט רופוס ביז פאַרטאָג געזויפט.
אין גרויל, אין עקל און יסורים
האָט רחל אים באַצאָלט דעם חוב.
עס כראָפּעט רופוס אויפן קישן,
פון לוסט פאַר׳שיכור׳ט און פון וויין.
זי האָט געפּועל׳ט ביי אים: אלישע
די תפיסה זאָל פאַרלאָזן היינט.
עס ציט אַרויס פון קאַרבל רחל
אַ שלאַנג — און לייגט זי צו איר ברוסט —
און גיט זיך אָפּ דעם גרינעם נחש
מיט לעצטער, צאַפּלדיקער לוסט.
קאַיאַר גענעפנט האָט דאָס טירל
דער וועכטער פון אלישע׳ס צעל.
ער רוקט אין האַנט אים אַ פּאַפּירוס,
אַ שריפט מיט רופוס׳עס באַפעל:
— „אלישע ז׳פריי. עס טאָר קיין רוימער,
קיין איד, קיין גריך נישט טאָן אים שלעכטס.
אויב פאַרן וויל צוריק אַהיים ער,
ער וועט דאָרט קריגן אַלע רעכט.״ —

געבראַכט דעם שריפט האָט רחל׳ס דינער,
מיט רופוס׳ האַנט גע׳חתמ׳עט שנעל,
אַ בייטל מיט צוויי טויזנט דינאַר,
אַ פערד מיט ברוין־געפלעקטער פעל:
— „מיין האַרין האָט אַ שלאַנג געביסן!״ —
דער דינער פליסטערט מיט אַ טרער.
אלישע שפּאַנט אַרויס פון תפיסה —
און פּאַטשט אַוועק אויף ברוינעם פערד.

## ב. טבריה

### 1. אַן אַלטער רייטער

דער טאָג האָט בלוילעך זיך צעמאָרגנט,
די זון — אַ פלאַקער־שײַט אין רוים.
די קוואַלן איבער בערג זיך גאָרגלען
אין גלי פון זילבערדיקער שוים.
אין ברוינע טאָלן וויאַנען קרייטער,
עס וואָיען ווינטן איבער בערג.
ס׳איז אָנהויב האַרבסט. אַן אַלטער רייטער
פאַרביי ישובים יאָגט זײַן פערד.

עס נעסטלען זיך אין רו אין קילער
די הייזלעך, אײַנגעהילט אין שלאָף,
און ס׳פּאַשעט זיך אויף גרינעם גלעד
מנוחה׳דיק אַ סטאַדע שאָף.
די פּאַלמען, ווי די פלעדערווישן,
מיט צווייגן פאָכן אין דער זון.
עס יאָגט זײַן ברוינעם פערד אלישע —
און שטויבן הויבן זיך פון גרונט.
עס טרעפן זיך אין ווינט די פּאַלעם
פון ווייסער טאָגע, ווי אַ שוואַן.
ער זעט: ס׳איז קוים באַרירט דער גליל
פון שונא׳ס שטראָפנדיקער האַנט.

ער יאָגט אַהיים, צום מגדל גרינעם,
וואו ר׳האָט געלאָזט זײַן הויזגעזינט:
ר׳וועט אפשר דאָרט אַ שפור געפינען,
וואו נעמי איז — זײַן אײנציק קינד?
אויף מידע וויעס בליצן טרערן.
די אויגן ברענען... מיטאַמאָל:
ווי אַ מיראַזש — אין מדבר, טבריה
שפּרייט־אויס פאַר אים זיך טיף אין טאָל.

### 2. אַ שבת אין טבריה

די שבת־רו אויף טבריה׳ר געסלעך
איז בלוי און דורכזיכטיק און זיס.
ביים שענקער׳ס הויז — צעלעכצטע פעסלעך,
און הינער פאַרפלען זיך אין מיסט.
די הײזער לײמיקע — געבויגן,
פאַר׳חלומ׳ט שטיי׳ן אין הינערפלעט,
ווי זון פון זיי וואָלט אויסגעזויגן
די לעצטע חיות׳דיקע זעט.

די גאַס — ווי ס'הויז נאָך שפּעטער משתה,
איז שטיל און פּוסט — קיין פּיפּס, קיין שאָרך.
און בלויז אין ברייטן הויף פון כנישתא
אַ רעדל אידן שטייט און האָרכט.
די כנישתא ז'פול. ר' מאיר דרשנ'ט.
דער עולם שטייט דאָ קאָפּ אויף קאָפּ.
ער לייענט די לויפּנדיקע פּרשה,
באַגלייט מיט ניגון און מיט טראָפּ.
און איז דעם עולם עפּעס קשה
און שווער און אייליק אויף די ציין, —
באַווירצט דער תנא מיט אַ משל —
און קלאָרער ווערט דער שווערער מיין.

ס'פאַרט - אָן צום טויער פון דער כנישתא
דער אַלטער רייטער אויפן פערד.
דער עולם שפּרינגט - אָפּ, אַ צעמישטער,
ווי מ'וואָלט דערשפּירט דאָ אַ פאַרשווער.
דער רייטער קוקט אויף דער מסיבה
און האַלט דאָס פערד זיינס איין אין צוים.
זיי וואָלטן אים פון האַס צעריבן,
נאָר טיף דער פּחד איז פאַר רוים.
פון כנישתא קומט אַרויס ר' מאיר,
אין אויגן — שטומע פּיין און צער.
ער שפּאַנט מיט דרייסטע טריט צום טויער:
— „כ'האָב, רבי, דאָ אויף דיר געוואַרט!" —

* * *

פאַרגאַפּט, געפּענטעט ווי אין דוהעם,
דער עולם שטאַרט אין הינערפלעט:
— „איז דאָס אלישע בן - אַבויה,
וואָס האָט זיין זעל פאַרקויפט צום שד?!" —
ר' מאיר גיט דעם רייטער שלום.
דער עולם שוימט מיט גאַל און סם.
און איבער טבריה'ר געסלעך שמאָלע
זיי לאָזן ביידע זיך צום ים.

ביים ים זיי שטעלן אָפּ זיך ביידע.
אלישע האַלט דאָס ציימל איין:
— „פאַרגיב מיר, תלמיד, כ'בין זיך מודה,
כ'האָב נישט געוואוסט, ס'איז שבת היינט." —
ער שטייגט אַראָפּ פון פערד אין וואַקל
און זעצט אַוועק זיך אויף אַ שטיין:
— „איך האָב געפילט דאָרט אויף מיין נאַקן
דעם בייזן האַס, דעם קריץ פון ציין.

— „נאָר כ׳האָב אויף זיי נישט קיין תרעומות:
צו־שווער פאַר זיי פון רוים דער יאָך,
צו־שאַרף דער ווייטיק פון מיין אומה,
צו־טיף די פיין, צו־גרוים דער בראָך!" —
ר׳ מאיר קוקט מיט שטוין אויף רבי׳ן.
אין אויגן ליכטיקט שיין פון גליק:
— „איך וואַרט דערויף דאָס גאַנצע לעבן,
אַז קומען זאָלסט צו אונדז צוריק.
עס שטייט געשריבן: אַ בעל־תשובה,
ווען ר׳קערט זיך אום צוריק צו גאָט,
אין הימל יובל׳ען אַלע כרובים,
און ס׳רייצט זיך מיטן ס"ם אחד.
ס׳איז נאָך נישט שפּעט פאַר דיר, מיין רבי,
אַהיים צו קומען אין גאָט׳ס הויז.
ס׳וועט דיר אל־רחום אַלץ פאַרגעבן —
און וועסט ביי אים געפינען טרייסט." —

* * *

עס קוקט אויף מאיר׳ן אלישע:
— „איך האָב דערקענט דעם פּרצוף־רוים.
כ׳האָב צוגעזען דעם שונא׳ס רשעות,
וואָס האָט צעשטערט מיין יוגנט־טרוים.
עס האָט דער גאווה׳דיקער שכל
אין מיר דעם גלויבן אָפּגעטייט:
כ׳האָב גאָט געזוכט נישט אין קיין היכל,
נאָר אין דעם לעבן, וואָס פאַרגייט.
ס׳האָט טויטע געטער פון די גריכן
גע׳ירשנ׳ט רשעות׳דיקע רוים,
פאַרשוועכט די שיינקייט מיט רציחה,
אויף אמת אָנגעטאָן אַ צוים.

— „די רוימער האָבן קיין אמונה,
ס׳איז פרעמד דער זין זיי פון אל־חי.
זיי האָבן זייער גאָט געפונען
אין מאַכט, אין מאָרד און הורעריי.
כ׳האָב נישט געקאָנט אין שדי׳ן גלויבן,
ווי דו, ווי ר׳ עקיבאָ — בלינד,
האָב איך אמונה׳ס ריינסטער טויבן
געשאָכטן אויף אַלטאַר פון זינד.
האָב איך אין וואָגל איבער לענדער
פאַר פיסנעם קריש ביי פרעמדן טיש
דאָרט אויסגעביטן ס׳גאָלדן רענדל
אויף מינץ פון פאַלשער ׳תורת־אי׳ש׳.

— „נאָר געטער זיינען פאַלש, ווי ביכער,
ס'איז זייער תוכן — מעשה־סדום.
עס פאַרט זיך גאָט נישט מיט רציחה,
ווי יהודה פאַרט זיך נישט מיט רוים.
פאַר אונדז — די אייביקע עקדה,
פאַר זיי — אַ געץ פון מירמלשטיין.
עס איז נישטאָ קיין אָרט פאַרביידן,
ס'וועט איינער מוזן אונטערגיין.

— „איך האָב אַמאָל אין קיסריה
צו ר' עקיבאַ'ן שאַרף גערעדט:
'עס איז בר־כוכבאָ נישט משיח,
'גאולה קומט נישט אויף באַגנעט.'
אומזיסט האָט ער די קרוין פון דוד
אַרויפגעטאָן אויף אַ סאָלדאַט.
אויב זיגן דאַרף דער גאָט יהוה,
זיין זיג אין גייסט איז, נישט אין טאַט.
נאָר ס'איז געווען גערעכט עקיבאָ,
כ'האָב קעגן אים אומזיסט געקריגט:
אין אונדזער גרויליקער מריבה
נישט איך, עקיבאָ האָט געזיגט:
'נישטאָ קיין תורה אָן קיין אידן,
'אָן אידן איז קיין גאָט נישטאָ,
'און ס'קאָן נישט זיין מיט פיינט קיין פרידן,
'כל־זמן ער טרעט אונדז מיט זיין טלאָ!'

— „מיר וועלן זיי געבוירן רעטער,
זיי אייביק וועקן פון לעטאַרג —
און זיי? זיי וועלן אייביק טרעטן
מיט שווערער טלאָ אויף אונדזער קאַרק.
דאָס איז, מיין תלמיד, אונדזער גורל
פון אייביק־אָן, פון דור צו דור:
נאָר ס'נצח־ליכט פון משה'ס תורה
זיי וועלן נישט דערזען, פאַרוואָר!
נישט בלייבן וועט פון זיי קיין סימן,
ווייל ס'איז דער אמת מער סאָליד:
אין תולה ארץ על בלימה,
ווי אין דער לערע פון עווקליד.
בלויז אידן וועלן לעבן אייביק,
צעווישן פעלקער נע־ונד,
ווייל דער מהות פון אונדזער גלויבן
איז גאָט־דערקענונג: 'צא ולמד!'" —

* * *

אלישע׳ס פּנים גליווערט, גליווערט,
די אויגן זינקען צו דער ערד:
— „יאָ ס׳איז גערעכט געווען עקיבאָ,
נאָר גלויבן קאָן איך נישט, ווי ער.
איר לערנט תורה אין די שולן,
איר לערנט שנאה צו דעם פיינט.
איך גלויב נישט אין דער זעלנערס גאולה,
געטונקענע אין בלוט און פּיין.
איר טראָגט די עול׳ן פון סבלנות
און גלויבט און האָפט אויף שדי׳ס גנאָד.
איך גלויב נאָך אַלץ נישט אין קרבנות
און נישט אין גנאָד פון כנישתאָ־גאָט.

— „דו האָפסט, די תשובה וועט דערהויבן
מיין מידע זעל פון פינצטערניש.
איך קאָן אין רחמים־גאָט נישט גלויבן,
נאָר אויך נישט גלויבן קאָן איך נישט.
ס׳איז גאָט אַ נוקם און אַ נוטר.
איך האָב בת־קול לאַנג געהערט:
ער וועט פאַרגעבן אַלע חוטאים,
חוץ אחר׳ן אויף אָט־דער ערד.

— „די תשובה שווערער איז פון כפירה,
ווען ס׳הארץ איז אויסגעהוילט און פּוסט.
און ס׳איז מיין מוח מיד פון חקירה׳ס,
און ס׳איז מיין זעל אין ס״מ׳ס רשות.
ס׳איז שווער צו רייניקן פון טומאה
אַ האַרץ, וואָס זינקט אין כף־הקלע.
איך ווייס, נישטאָ, נישטאָ קיין תקומה,
פאַר דעם, וואָס האָט געלייקנט אַלץ,
נישטאָ, מיין תלמיד, קיין נחמה
פאַר דעם, וואָס וואַרט אויף לעצטן גזר...
איך וויל געפינען בלויז נעמי׳ן...
דערנאָך... זאָל קומען וואָס עס דאַרף...״ —

* * *

ר׳ מאיר׳ס פּנים ז׳קאָלט און רואיק,
כאָטש ס׳האַרץ פון חדווה ברויזט און שוימט:
— „פאַרוואָר, אלישע בן־אבויה,
דו ביזט נישט שולדיק, שולדיק ז׳רוים.
ס׳האָט רוים פאַרלאָקט דיך מיטן שאָטן
פון פאַלשן, גרויזאַמען געבאָט
איך שפיר, אַז וואָר איז דיין חרטה,
דו דאַרפסט געפינען וועג צו גאָט.

— „ביזט זיך אַליין אין זיך אַ סתירה,
ס׳פרעסט אַלץ דיין האַרץ די יאוש - שלאַנג:
אַ קאַצנשפּרונג ז׳דער וועג צו כפירה,
דער וועג צו תשובה לאַנג איז, לאַנג.
איך שפּיר, ס׳גייט אויף די זוים פון תשובה
אין כופר׳ס אויסגעוואָרצלט האַרץ.
דוליידסט — דאָס איז אַ סימן - מובהק,
אַז ס׳וועט צונישט ווערן דער גזר.
האָסט צוואַנציק יאָר געגעסן בוסר,
איצט אייליקן ביי דיר די ציין.
דער גאָט, וועם דו האָסט אָפּגעשטויסן,
ער וועט דיך צ׳ריקברענגען אַליין.

— „נישט שטענדיק איז ער אל - נקמה,
ער קאָן אויך היילן האַרץ פון וואונד.
דו זוכסט דיין טעכטערל נעמי —
זי לעבט אין גליק און איז געזונט.
דיין גוט אין מגדל איז צעפּלינדערט,
מסתם האָט גאָט אַזוי געוואָלט.
זי וואוינט אין מצפּה מיט צוויי קינדער,
איר מאַן אַ סוחר איז פון וואָל.
די נאַכט פאַלט - צו. די שטערן קלאָרן.
קום, נעכטיק איבער אין מיין הויז.
פאַרטאָג וועסטו קיין מצפּה פאָרן —
און גאָט וועט היטן דיך פון בייז.״ —
עס ציטערט אויף אלישע׳ס קול:
— „מ׳האָט דאָך געקאָנט דאָס אַלץ פאַרמיידן...
ווי קליין און נישטיק מיינע ליידן
אַנטקעגן אומגליק פון מיין פאָלק!״ —

## 3. אַן אָוונט אין מצפּה

אויף מאָרגן איז אַוועק אלישע
קיין מצפּה — אויף זיין ברוינעם פערד.
די שטיבלעך לוימיקע פון פישער,
די ווערבעס בייגן זיך צו דר׳ערד.

ער זעט: אַ יונגע פרוי ביים וואַש - ברעט
פאַלט גרעט און ברומט זיך צו אַ ליד.
ער לאָזט דאָס פערד ביים טייך זיך פּאַשען —
און וואַרט ביז ערשטער שטערן גליט.
אַ בלויע שאָף — פאַלט - צו דער אָוונט.
אלישע קלאַפּט - אָן שטיל אין טיר —
און ווי אַ בעטלער — נאָך נדבה,
ער שטייט און וואַרט אויף שוועל פאַרווירט.

די יונגע פרוי מיט דינעם פּראָפיל
די טיר צעעפנט אויף אַ העלפט.
— „גוטנאָוונט!" — זאָגט ער שטיל און שפּל.
אין שטומען האַרצן וואָיען וועלף.
ער שטייט פאַר איר, אַ קראַנקער פויגל,
און פאָרשט און נישטערט איר געזיכט:
אין אירע גרויסע, ברוינע אויגן
ער זוכט די ענלעכקייט צו זיך.
זי שטייט — אַ ליכטיקע, באַרוטע,
אין רייפן בלי — אַ שטאָלטנע שוואַן.
זי נעמט פון קלייד אַרויס אַ פּרוטה
און לייגט אַריין אים אין דער האַנט.

עס טוט אַ ברי אים די מטבע
אין דלאָן, ווי היים-צעגליטער בליי.
ער דאַנקט איר שטיל: — „איך בין אַ גייער
פון חברון, וואָס גייט דאָ פאַרביי!" —
זי גיט די טיר אַן עפן ברייטער
און בעט דעם אורח: — „קומט אַריין!
איך האַלט דעם אָוונט-ברויט אין גרייטן —
פאַראַן גענוג אי פלייש, אי וויין." —

אלישע וויל זי עפּעס פרעגן,
נאָר ס'שטיקט אין האַלדז אים דאָס געוויין.
זי רעדט: —„מיין מאַן איז אונטערוועגנס,
כ'בין מיט די קינדער דאָ אַליין." —
ער שפּאַנט אַ מידער צו צום טיש.
זי בעט אים וואַשן זיך די הענט.
און קלאָר און גרויליק ווערט אלישע'ן:
זיין טאָכטער האָט אים נישט דערקענט.

ער מאַכט די ברכה שטיל און פאַרכטיק
און רעדט מיט תמימות און פאַרטרוי:
— „אַ דאַנק דיר פאַר הכנסת-אורחים,
פונוואַנען שטאַמסטו, גוטע פרוי?".
זי קוקט אויף אים. אין אויגן — פלאַמען:
— „אין מגדל איז געווען מיין היים.
געשטאָרבן לאַנג איז שוין מיין מאַמע,
מיין פאָטער וואוינט אין וויטן רוים.
מע זאָגט: אין קיניגלעכע הויפן
זיין נאָמען איז באַרימט און גרויס.
מע זאָגט אויך, אַז ער איז אַ כופר,
וואָס איז לתרבות-רעה אַרויס.

— „איך גלויב נישט, אַז ער דינט דעם שונא.
כ׳געדענק אים קוים. ער איז געווען
אַ שטאָלצער מאַן אַזאַ, אַ שיינער —
איך וואָלט געוואָלט אַמאָל אים זען.״ —
אלישע הויבט זיך אויף פון בענקל:
— „זאָל גאָט ברוך־הו, דער גוטער הירט,
דיר פאַר דיין גוטסקייט מזל שענקען...״ —
און לאָזט זיך שפּאַנען צו דער טיר.

### 4. אַ טויטע פּאַלמע

ביים עק פון טבריה וואוינט אלישע,
אין אַלטן שטיבל — איין־אַליין.
אַ בעט, אַ בענקל און אַ טישל,
אין הויף — אַ לויטערער באַסיין.
די שכנים זיינען פול מיט שנאָה
און וואַרפן שטיינער איבער פּלויט.
עס ברענגט אַמאָל אַן אַלטער דינער
אַ לאָגל ווייז, אַ לאַבן ברויט.

און איינמאָל איז פאַרביי אלישע
די אַלטע כנישתאָ לעבן ים,
האָט אים אַ ברען געטאָן דער נשאָר
פון צאַנקנדיקן יוגנט־פלאַם.
איז ער אַריין מיט טריט, מיט שטילע.
די שול האַלב־חרוב איז און פּוסט.
און ס׳האָט געזאַנג פון זיסן תהילים
אַ פלייץ־געטאָן פון אַחר׳ס ברוסט.
נאָר ס׳האָט באַוויזן זיך אַ פישער,
אַ ווייל באַטראַכט אים טעמפּ און דול —
און זיך געוואָרפן אויף אלישע׳ן,
און אים פאַרטריבן פון דער שול.

זינט דאַן פאַרשפּאַרט האָט זיך בעל־תשובה
אין אָרעם שטיבל לעבן ים —
און אויפגעגעבן אַלע פּרוואוון
צו קומען נענטער צו זיין שטאַם.
נישט ווייט פון שטיבל — אַ בית־עלמין.
מצבות שטאַרן אין באַגין.
און פאַרן טויער ליגט אַ פּאַלמע,
צעפּליקט, צעבראָכן פונ׳ם ווינט.
אלישע קוקט אין שטומען שווייגן
אויף טבע׳ס פינצטערן צעשטער:
עס טריפט דער גרינער סאָק פון צווייגן,
ווי ס׳בלוט פון הרוג, אויף דער ערד.

ער זעט זיין לעבן, ווי אין שפיגל:
אויך אים דער שטורעם האָט פאַרלענדט,
זיין חלום׳ס ווייסע שרפים - פליגל
האָט וואָר צעבראָכן און געשענדט.
ער קערט צוריק זיך מיט הכנעה,
אַ מידע, בלאָנדזשענדיקע שאָף.
ער שרייבט אויף פאַרמעט זיין צוואָה —
ער שפּירט: ס׳איז נאָענט שוין דער סוף.

עס פיינען פינצטערע זכרונות,
נאָר רואיק איז זיין מידע זעל:
ער האָט פאַרענדיקט די חשבונות
מיט זיך אַליין און מיט דער וועלט.
דאָס פּנים פול מיט טיפע קאָרבן,
אין אויגן — פריד, אין האַרצן — פרייד.
ער שפּירט, ער וועט אינגיכן שטאַרבן,
ער שרעקט זיך מער נישט פאַרן טויט.
די האָר צעשויבערט — באָרד און פאות —
אַ גרויליק - גרויענדיקער ראָב.
עס קומט באַזוכן אים ר׳ מאיר —
און זיצט און שאָקלט מיטן קאָפּ:

— „פאַרגיב מיר, רבי, ס׳אַן עבירה
פון אַלץ פאַרשפאַרן זיך אין שטייג.
איך זוך באַפרייען דיך פון חרם...״ —
אלישע זיצט און הערט און שווייגט.
ר׳מאיר שפּאַנט אַרויס אין טרויער.
עס גיט אלישע זיך אַ הויב,
באַגלייט דעם תלמיד ביזן טויער,
ביז ער פאַרשווינדט אין וואָלקן שטויב.

5. **אַ זעאונג**

סוף - זומער גאָלד אויף וויינריב - שטאַנגען.
דער הימל שיכור איז, ווי לוט.
דער טאָג גייט - אוים אין ראָזע קלאַנגען.
אלישע זוכט אין האַרצן גאָט.
דער טאָג — אַ הירש מיט רויטע טלויען
שפּילט, ווי אַ פּאַסטעך — אויף זיין פלייט:
— „טייל, גאָט, מיט מיר דעם זיסן טרויער
פון רייפן זון - טאָג, וואָס פאַרגייט!״ —
די נאַכט פאַלט - צו. די שטערן גליען
מיט לעצטער, זומערדיקער שיין,
ווי מאַנדלען ביטערע פון יאוש,
ווי זיסע קערשעלעך פון פּיין.

צעווישן בוימערישע קרוינען
לבנה שיינט — אַ ווייסער ביין:
— „אָ, גאָט, מיט פינצטערע רעיונות
נישט לאָז מיך איבער דאָ אַליין!" —
אין גאָרטן שפּיגלען זיך די ביימער
אין בלוי פון לויטערן באַסיין.
אלישע שפּאַנט אַרום אין אימה,
אים שווערט אַ רעיון, ווי אַ שטיין:

— 'אמונה גרייכט מען נישט מיט שכל,
פון האַרצן גלויבן קוואַלט־אַרויס.
ס'קאָן בלויז אַ האַרץ אַ ריינס דערגרייכן
די חשמל־שוועל פון שדי'ס הויז.
וואו ס'פעלט דער גלויבן, בויט דער צווייפל
אין קראַנקן האַרצן זיך אַ נעסט.
אָ, גאָט, דערבאַרעמדיקער רופא,
הייל ס'קראַנקע האַרץ מיינס מיט דיין נס!
מיין לעבן אָרעם איז און שפל,
נישטאָ קיין יום־טוב — לויטער וואָך.
נישט לאָז מיך, היטער פון אין־סוף'ן,
צוזאַמענגעבראָכן אונטער יאָך.
אין פּיין, אין חדווה, אין יסורים
איך זוך דיך אומעטום, מיין גאָט —
שטיל־איין אין שטאָלצער זעל דעם שטורעם
מיט לויטערקייט פון דיין גענאָד.

— 'עס דוכט מיר אָפט: איך קאָן דערבליקן
די ליכטיקייט פון דיין געשטאַלט.
אָ, שיק אַ היילונג און אַ תיקון
אַ זעל — אין קלעם פון כף־הקלע!
ווי איוב'ן, מיט זיבן מחלות
דו פייניקסט יאָרנלאַנג מיין לייב:
אָ, אַליין נעם־צו ביי מיר, אָב־רחמן,
נאָר דו אין פּיין מיט מיר פאַרבלייב!
ווי פלאַטער־פלי פון ווייסע טויבן
אַריבער האָרביק־גרינע בערג,
אָ, מאַך מיר, שדי, גרינג מיין גלויבן,
ווייל ס'איז מיין זעל פון כפירה שווער!' —

* * *

עס קלעפּט די נאַכט — אַ וואַנזין־יאַקע —
צום גוף פון זינדיקן אַסקעט.
דאָס האַרץ — אין ווי, דער קאָפּ — אין פלאַקער,
אויף ליפּן — לויטערער געבעט:

— 'אָ, גאָט, איך רוף דיך ממעמקים —
ווענד־אָפּ פון זינדיקן די שטראָף,
נעם־אָן מיט גנאָד מיין תּפילה־זכה,
זאָל זי נישט זיין קיין תּפילת־שוא!
נאָך לאַנגע יאָרן צווישן עכו"ם
האָב איך זיך צ'ריקגעקערט צום שטאָם:
מיין טראָט — אין שטרויכל און אין וואַקל,
מיין האַרץ — אַ ציטערדיקע לאָם.
איך שטיי פאַר דיר דאָ אָדם־נאַקעט,
אויף דער זייט פון דער לעצטער שוועל —
ווי וויסט, ווי פינצטער דער סך־חכול:
כ'האָב זינד געזייט, געשניטן תּל.

— 'איך ווייס: דו קאָנסט נישט זאָגן זכאַי,
ווען חיב איז מיין לייב־און־לעב.
נאָר שיק מיר אויף עקדה־פלאַקער,
ווי יצחק'ן — אַ קרבן־שעפּס.
און אויב ס'איז שפּעט — אויף מידן נאַקן
לאָז דונערדיק אַראָפּ דיין פויסט.
נאָר שטראָפנדיק דעם כופר־בהכול,
אָ, שענק מיר, גאָט, די לעצטע טרייסט:
ווען איך וועל אונטער עשר־מכות
אַ טויטער ליגן אויף דער ערד, —
אַ פאַל־טאָן זאָל אויף בלייכע באַקן,
ווי טוי, דיין רחמים'דיקע טרער!' —

* * *

אַ שורה פייגל, ווי אַן ערוב,
ציט צווישן הימל, סאָד און נאַכט.
און פּלוצים — איבער שיין פון שטערן,
אַריבער מילכוועג'ס ווייסן שליאַך —
ער זעט אַן אָפּשיין פון אַ פּנים,
וואָס שטראַלט מיט רחמים און מיט גנאָד:
עס לויכט אין אָפּשיין פון לבֿנה
דער אַלטער, חומש'דיקער גאָט.

דער מדבר־גאָט פון אילן־ממרא,
וואָס האָט אַברהמ'ען זיך אַנטפּלעקט,
וואָס האָט די לוחות צו בן־עמרם
מיט האַנט פון פייער אויסגעשטרעקט:
— „פאַרנעם די רייד מיינע, בן־אָדם,
גאָט לאָזט דעם גלויבער נישט אַליין!" —
אלישע'ס האַרץ זינגט: קדוש! קדוש! קדוש!
און ליפּן פליסטערן: אָמן!

## 6. ביים מדבר־ראַנד

די שקיעה ברענט — אַ קרבן־עולה —
געצונדן פון דעם בורא׳ס האַנט,
און לעקט די ליימיק־רויטע זוילן
פון ווייטע בערג ביים מדבר־ראַנד.
די שקיעה גליט אויף רויטע זאַמדן
און צינדט אין פלאַם דעם עווקאַליפּט.
די בענקשאַפט ברענט אין צונטער־בראַנדן
אויף מדבר׳ס שרפ׳נדיקער ליפּ.
עס שמעקט מיט בראשית־לאַנד פון תוהו,
מיט אורע מעשיות פון תנ״ך:
דער קאַקטוס דוכנט, ווי אַ כוהן,
מיט קרומע פינגער אויף דער וואַך.
אויף שפּיצן בערג, ווי משה׳ס לוחות —
צעקאַרבטער קריץ פון גאָט׳ס געזיכט.
אין זיסער גסיסה פון מנוחה
זיי פלאַטערן, ווי נעילה־ליכט.
אַן איינזאַמע, פאַרטראַכטע פּאַלמע
מיט פּעכערדיקן בלעטערוואַרג:
אַ פרומער איד — אַ ירושלמי —
שטייט שמונה־עשרה אויפן באַרג.
אין פרומער בענקשאַפט נאָך התגלות
אַ צעדער שיקט דעם בורא שבח:
אַ תנאַ, איינגעהילט אין טלית,
אין פאַרכטיקער יום־כיפור נאַכט.
אלישע וואַנדערט־אום — אַ גולה —
און טיילט מיט גאָט די גרויע טעג.
עס זוכט זיין האַרץ אין מדבר היילונג
פון פּיין און בענקשאַפט און פון שרעק.
אָט־דאָ, אין ערדישן גן־עדן,
ביים פלאַמענדיקן עווקאַליפּט,
וואָלט ער געוואָלט מיט ערד זיך שיידן,
ווען ס׳וועט אַ קוש־טאָן אים גאָט׳ס ליפּ.

## 7. אַליינקייט

ביים סוף פון טאָג די זון גליט בונטער,
אויף שפּיץ פון באַרג, ביים סוף פון שטעג,
ער שטעלט זיך אָפּ און קוקט אַרונטער
אויף לאַנגן, שלענגלדיקן וועג.
די לופט איז דורכזיכטיק, ווי מירשוים,
דאָס האַרץ — אַ פלאַטערדיקער קנויל,
דער אויסגוס גליווערט, ווי אַ הירשל,
געטראָפן פון דעם יעגערס קויל.

דער אָוונט פֿאַלט אויף ביימער־קרוינען
און הילט די וועלט אין בלויען גנאָד.
אין אָוונט־שעה איז מענטש אַליינער
מיט זיך אין נאָענטקייט צו גאָט.
אַליינקייט — אוֹר־ניגון פֿון תוהו,
וואָס שפּילט אויף זינגעוודיקער פֿלייט
און בייטשט דעם מענטש מיט זיסן טרויער
און פּייניקט אים מיט טערפּקער פֿרייד.
אָ, בלויע, פּראָסטיקע אַליינקייט,
ווי ערשטער פֿאַל פֿון פֿרילינג־טוי,
אין דיר בלויז ווערט געבוירן שיינקייט,
וואָס בלענדט, באַצויבערט און טוט־וויי.

אַליינקייט — אייביק־טרייער פּאַסטעך,
וואָס היט די טעג, ווי שטומע שאָף,
דערהויב מיין זעל צו בלויע מאַסטן,
פֿאַרוויג אויף זעגלען פֿון אין־סוף!
עס שלאָפֿן רואיק די באַגערן,
ווי שיפֿן אויפֿן דעק פֿון ים.
שוין אויסגעטריקנט לעצטע טרערן,
שוין אויסגעלאָשן לעצטער פֿלאַם.
עס לעשט זיך זון אויף שפּיצן ביימער,
און שאָטנס פֿאַלן אויפֿן שליאַך.
עס זינקט זיין הארץ אין זיסער אימה:
די נאַכט קומט־אָן, די לעצטע נאַכט.

## 8. אלישע׳ס טויט

דער פֿרילינג האַלב־טאָג בלוּיט אויף שויבן.
אין גאָרטן בליט דער טאַמאַריסק.
אויף פֿעדער־צווייגן טירקלען טויבן,
די לופֿט, ווי נאַרד, איז טערפּקע־זיס.
אלישע ליגט צו־בעט אַ קראַנקער
שוין דריי מעת־לעת. דער גוף — אין פֿלאַם.
עס באַמבלען זיך אין קאָפּ געדאַנקען,
געמישט מיט ווייטן פּליעסק פֿון ים.

עס שטאַרט אלישע׳ס גוף און גליווערט,
אין מוח גליט דער חרם־שניט.
ער הערט דאָס קול פֿון ר׳ עקיבאָ
אין הויז פֿון גד, דעם זילבערשמיד:
— ׳פֿון אי״ש ביז שדי פֿעלט די גימל,
׳די גימל, וואָס איז גילוי־יה:
׳דער חילוק צווישן ערד און הימל,
׳דער אונטערשייד פֿון דאָ — נישט־דאָ.׳ —

עס שטראַלט אין זיבן קרוינען רחל,
איר נאָמען ציטערט אויף זיין ליפּ.
אומזיסט געווען איז זיין נצחון,
ווי זי, ר׳האָט קיינעם נישט געליבט.
ער זעט דעם טויט פון די תנאים.
עס יובלט רוים מיט טראָמפּל-טראַט.
עס האָט געזיגט די חיה-רעה,
די מאַכט פון בייזן אַנטי-גאָט.

* * *

עס בלוטיקט נאַכט פון אַלע וואונדן,
נישט רויט איר בלוט איז — שוואַרץ, ווי טינט.
דאָס האָבן זי אין כעס צעשונדן
זיין קראַנקהייט׳ס בייז-צערייצטע הינט.
ער שטאַרט אין פינצטערער תרדימה.
זיין לעבן וויקלט זיך אויף צ׳ריק:
געבראָכן אַלע איסור-צוימען,
געזוכט אַביסל פרייד און גליק.

און וואָס געבליבן איז דעם מורד,
וואָס האָט צעקריגט זיך מיט זיין גאָט?
ר׳האָט אַלץ געוועט — און אַלץ פאַרלוירן —
איצט שניידט ער פינצטערן געראָט.
ס׳איז אַלץ פאַרשפּילט און אַלץ צעדריבלט...
האָט ער געליבט? געבענטשט זאָל זיין
די קיינמאָל-נישט-דערליבטע ליבע —
בלויז זי איז אייביק, ווי די שיין.
ווי שלאַנגען, צישען די סעקונדן
אין גרויען, פאַרכטיקן באַגין.
עס בלוטיקט נאַכט פון אַלע וואונדן —
און ס׳רוקט זיך נענטער דער גזר-דין.

דער ווייטיק שניידט אים, ווי אַ מעסער.
די אויגן שטאַרן צום סופיט.
ר׳וועט אפשר מאָרגן פילן בעסער —
און אפשר ניט?.. און אפשר ניט?..
אויף הימלען הענגען רויטע תליות,
ווי גרויע שאָטנס אויף דער וואַנט.
פאַרבלוטיקט גליט די האַנט פון שקיעה,
ווי אַדריאַנוס׳ס רויטע האַנט.
דער פרילינג שמעקט מיט פרישע קברים,
מיט טרוקענעם בית-עלמין-גראָז.
אין האַרצן — ווי לוויה-כאָרן,
קלינגט גרויליק-פינצטערער: — „צואוואָס?" —

אין האַלבער וואָך, אין האַלבן דרימל
ער זעט אַ חלום פון באַשייד:
עס שיינט די זון, עס בלויט דער הימל —
און ער איז טויט, אין חלום טויט.
אלישע זעט אויף תליה הענגען
זיין אייגענעם געשענדטן גוף:
פון בלויער ליפּ אויף קין זיך שלענגלט
אַ שנירל בלוט — זיין לעצטער רוף.
עס וואָיעט בלוטיקע לבנה —
אַ ווייסער כלב — נאָך אַ קנאָך.
און אַלע פריינט און אַלע שונאים
געקומען זיינען אויף זיין בראָך.

עס שפּאַרט זיין גוף אַריבער פּלוינען
מיט טויטער, אויסגעשטרעקטער צונג —
און ס'שטעקט מיט אומגלויבן דער שונא
אַ דאָרן פינגער אין זיין וואונד.
אין נאָנטן דערפל הענער קרייען
אין בלויען אויפשפּראָץ פון קאַיאָר.
און לעבן אים זיין תלמיד מאיר
אַ תפילה מורמלט שטיל, מיט פּאָרכט.
דער תליון האָט געטאָן זיין טואונג
און שיכור'ן אַוועק אין שענק —
און אים געלאָזט אויף אַ רצועה
אַ טויטן הענגען, ווי אַ סענק.

און פּלוצים ז'רחל אָנגעקומען,
פאַרהילט דאָס פּנים אין וואָואַל.
און צוגעלייגט צו ליפּן שטומע
אַ שוואָם מיט עסיק און מיט גאַל.
זי האָט געקוקט מיט פרייד און שוידער,
מיט בראַנד פון וואַנזין אין איר אויג —
און אים די שליסל פון גן-עדן
אין טויטער האַנט אַריינגעלייגט.
און ס'האָט דער שונא זיך צעכליפּעט,
און ס'האָבן פריינט געשטאַרט אין וואָן,
ווען ס'האָבן זיינע טויטע ליפּן
אַ קוש פאַר'חתמ'עט אויף איר האַנט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ער כאַפּט זיך אויף: דורך בלויען שפּיגל,
אין בלייכן אָפּשיין פון קאַיאָר
ער זעט זיין גוף, אַ גלייכן, ליגן —
און ער איז טויט שוין אויף דער וואָר.

און רחל שטייט לעם אים, אַ בלייכע,
די קאַלטע אויגן — גרין, ווי האָס.
אויף ליפּן שלענגלט זיך אַ שמייכל,
אין אַפּלען — בליץ פון משוגעת.
ער קוקט אויף איר מיט טויטע ווייסלען.
אַ שמייכל קרימט זיין טויטע ליפּ.
זיין קול וויל גבול פון טויט צערייסן:
— „נישט מיך, דעם ב ר י ט האָסטו געליבט!” —

* * *

פאַרנאַכט ר׳ מאיר ז׳אָנגעלאָפן,
דערהערט אלישע׳ס גסיסה־קרעל:
— „טו תשובה, רבי — ס׳איז נאָך אָפן
דער שער פון רחמים פאַר דיין זעל!” —
אלישע עפנט־אויף די אויגן:
— „אַביסל... וואַסער... תלמיד... ברענג...
איך האָב געזינדיקט... בלויז בשוגג...
כ׳וויל שטאַרבן... מיט... מיט ריינע הענט...” —

ר׳ מאיר וואַשט זיין רבינ׳ס גלידער.
זיי פינקלען זויבערדיק און ריין.
ער זאָגט מיט גוסס אָפּ די ווידוי.
אלישע ברעכט־אויס אין געוויין:
— „איך גלויב... איך גלויב...איך גלויב אין בורא!
פאַרמייד, אל־רחמים... האַרבסטע שטראָף...
עס שוועבט... אַ פייערדיקע תורה...
אין בלויען חלל... פון אין־סוף...” —
און ווידער שטיל. עס זשומט אין שטיבל
די שטילקייט, ווי אַ בינענשטאָק.
אין לעצטן, צוקנדיקן פיבער
אויף רויטע שויבן שטאַרבט דער טאָג.

דער גוסס הערט אַ שאַל פון תרועה.
דער אָוונט קאַרקעט, ווי אַ קראָ:
— „ס׳איז צייט, אלישע בן־אַבויה,
עס האָט געשלאָגן שוין דיין שעה!” —
ער הערט לוויים־כאָרן זינגען
אויף שטראַלנדיקן מקדש־באַרג.
ער שפּירט: גאָט׳ס פייערדיקער פינגער
באַרירט זיין מיד און חרוב האַרץ.
ביים טויער שאַלט אַ פאַסטעך־האָרן.
ער פליסטערט שטיל: — „געזיגט... האָסטו...
אל־צבאות... שדי... גאָט פון צאָרן!...”
און שליסט די מידע אויגן צו.

ר׳ מאיר שטייט אין שטומען גליווער,
די ווערטער וואַרגן אים אין קעל:
— „נעם־אויף אין הימל, ר׳ עקיבאָ,
און לייטער דאָרט דיין חבר׳ס זעל!״ —

ס׳דערהערט זיך פּלוצים אַ געטומל.
ר׳ מאיר קוקט אַרויס: ביים פּלויט
אַ מחנה שטייט — און קולות ברומען,
און ס׳פליען דראַענדיקע רייד:
— „אין טבריה בושעוועט מגפה...
עס שטאַרבן קינדער — גרויס און קליין.״ —
— „אין אַלץ איז שולדיק ער, דער כופר,
צעמורשט זאָל ווערן זיין געביין!״ —
— „זינט צ׳ריקגעקומען איז דער עוכר,
דער וויסטער לעסטערער אין גאָט,
האָט אויסגעגאָסן זיך די תוכחה
אויף אונדזער גאָט־פאַרכטיקער שטאָט!״ —

עס רייסן זיך אַריין אין שטיבל
אַ צענדליק אַלטע פישערלייט:
— „ר׳ מאיר, האָב נישט קיין פּאַראיבל...
ווי קומסטו שטיין דאָ, ביי זיין זייט?״ —
ער ציט־אַראָפּ דעם תנאָ׳ס מאַנטל —
און וואַרפט אים אויף זיין רבינ׳ס גוף.
מיט פרומע טריט צום עולם שפּאַנט ער —
און ס׳קלינגט תחנונים׳דיק זיין רוף:
— „לאָזט וויסן איבער די ישובים,
פון דאָרף, צו דאָרף, פון שטאָט צו שטאָט:
׳ער איז געשטאָרבן אַ בעל־תשובה,
׳ער האָט זיך צ׳ריקגעקערט צו גאָט!׳״ —

דער עולם שפּאַנט אַרויס. ר׳ מאיר
דער מת זיין רעכט טוט לויטן דין.
ער זאָגט־אָפּ תהילים. הענער קרייען.
אויף שויבן רויטלט זיך באַגין.

## 9. אלישע׳ס צוואָה

צוריקגעקומען פון דער קבורה,
געזעצט זיך שבעה נאָכן מת,
געשיקט אַ שליח זאָגן ברוריה׳ן:
ער וועט דאָ בלייבן אַכט מעת־לעת.
ער זיצט אַליין אין רבינ׳ס שטיבל
און קוקט אויף נאַקעטע פיר ווענט.

מגילות אומעטום, באַשריבן
מיט נפטר'ס אײלנדיקע הענט.
עס װאַלגערט זיך אַ שװאַרצער טאָװל,
אַ נישט-דערשריבענער, אין מיסט.
ער נישטערט צװישן רבינ'ס כתבים,
װאָס ליגן עלנט און פאַרװיסט.
און פּלוצים זעט ער: אַ פּאַפּירוס
אויף בלויען שניר׳ל, אויפגעראָלט.
די שריפט מיט צרופים און מיט ספירות
ביים ראַנד גע'כתיבה'ט און באַמאָלט.
ר' מאיר לייענט. עס לויפן שעה'ן —
פון װאָר װערט טרוים, פון חלום — װאָר.
ער כאַפּט זיך: ס'איז דאָך די צװאה,
אלישע-אַחר׳ס לעצטע װאָרט:
— „חזון אלישע בן-אַבויה,
װאָס האָט געקריגט אַנטקעגן גאָט,
װאָס האָט געבראָכן תנאָ'ס שבועה
און האָט גערייקנט אין יסוד.
ס'האָט נישט געציטערט אויף מוריה
דער חלף אין אַברהם'ס האַנט —
און איך? פאַר פינצטערן משיח
איך האָב פאַרלאָזן פאָלק און לאַנד.
— „געמאָנט האָט משה אויף הר-סיני:
'דיין פּנים װייז מיר, אלהים!'
און איך האָב, װי אַ געצנדינער,
מיין פּנים אָפּגעקערט פון אים.
אין רים פון קאָמען האָט עקיבאָ
דערזען דעם שטראַליקן אחד —
און איך געפּרעדיקט האָב מריבה,
װי ס'האָט ירבעם בן-נבט.
ר' מאיר גלויבט אין אות פון תורה,
באַװירצט מיט משל און מיט טראָפּ.
און איך? איך האָב פאַרקויפט די בכורה,
װי עשו — פאַר אַ לינדזן-טאָפּ.
— „איך בין פאַר דיר זיך דאָ מתװדה:
צו-גרויס, אַלמעכטיקער, מיין חטא,
װייל אַז מע נעמט אַװעק פון שדי
דעם ייד, דאַן װערט פון שדי — שד.
דו װייסט דעם אמת, בורא עולם:
איך האָב געזוכט דעם װאָרן גאָט,
נאָר כ'האָב מיין האַרץ — אַ קרבן-עולה —
געצונדן פאַר אַ פאַלש געבאָט.

— „כ׳בין, גאָט, דיר מוחל די חטאים,
די פּיין און שטראָפן קעגן מיר.
נאָר דיינע זינד פאַר פאָלק ישראל,
ווי קאָן איך זיי פאַרגעבן דיר?
כ׳האָב צו אַריסטאָ׳ן און עווקליד׳ן
געבוקט זיך, ווי אַ טרייער שקלאַף,
געזונגען מיט פּינדאַר׳ן לידער,
געזוכט ביים קיסר חבר׳שאַפט.
געוואָלט צעשפּאַרן דלד־אמות
פון ענגע, אייגענע פיר ווענט,
פאַרביטן הלל׳ן און שמאַי׳ן
אויף פאַלשן ליכט פון דיאָגען.

— „נאָר פאַלש איז חכמה פון עלאַדע,
און פאַלש די חבר׳שאַפט פון רוים:
אַנטקעגן נצח פון אל־שדי
זיי זיינען הייטלקייט און שוים.
די רוימער זיינען די בני־קין,
די גריכן זיינען יפת־זין.
און איך? דאָס גאָלד פון ירושלים
צעביטן האָב אויף קופּער־מינץ.
איך האָב פאַרגעסן אין שגעון
דאָס אַלטע, אייביקע געזעץ:
מיר זיינען קינדער פון אַברהם,
דעם שמעטערער פון תרח׳ס געץ.
— „ס׳האָט גאָט נביאים אונדז געגעבן,
ווייל ער האָט אונדז בלויז אויסדערוויילט:
צו שפּרייטן יושר, דין אין לעבן
אַנטקעגן זייער מאָרד און גרויל.
און איך? אין גאָט פון מיינע אָבות
איך האָב געפעלשט פאַר לאָגאָס־שיין.
עס איז דער לאָגאָס — סם המות,
פאַר אידן — טריף, ווי נסך־וויין.

— „עס טראָגט דער מענטש די חיה־רעה
אין אייגן בלוט, אין דורשט נאָך מאָרד.
צו גאולה־שלימה איז נישט ראוי
געוועזן נישט איך און נישט מיין דור.
ס׳וועט אויפשטיין, כ׳גלויב, מיט דורות שפּעטער
אַ מאַן, וואָס וועט דערקענען גאָט,
ער וועט פאַראייניקן אַלע געטער
אין שוים פון שטראַליקן אחד.

— „און ס'וועט יסוד פון נייער תורה
נישט פאַלשער 'אי'ש', נאָר שדי זיין.
כ'שטרעק־אויס מיין האַנט אַריבער דורות
צום כוהן פון דער נצח־שיין.
עס זוכט מיין מידע זעל מנוחה —
אַ בלודנע שאָף, וואָס זוכט איר הירט.
בידך, שדי, אַפקיד רוחי,
כ'בין גרייט באַהעפטן זיך מיט דיר." —

## 10. דער גאָט פון צאָרן

ביינאַכט צעקנאַלט האָט זיך אַ שטורעם
מיט בליץ, מיט דונער און מיט שלאַקס.
אין שטיבל זשומט די בין פון אור־רו.
די פלאַמען שמעלצן געלן וואַקס.
מע קלאַפּט אָן טיר. עס שטייט צעשראָקן
אלישע'ס דינער אויפן שוועל.
די ליפּן ציטערן ביים זקן,
די ווערטער וואַרגען אים אין קעל:
— „ר' מאיר, ס'האָט אַ שוואַרצער שרף
מיט כעס און דונער זיך צעקנאַלט.
עס האָט מיט בליץ דער גאָט פון צאָרן
אלישע'ס קבר אויפגעפּראַלט." —
ר' מאיר אײַלט מיט אַלטן דינער.
אָט איז דאָס פרישע קבורה־אָרט:
פון קבר ציט אַ רויך אַ דינער,
דעם אָרון סמאַליעט אין קאַיאָר.
ר' מאיר ציט־אויס לאַנגע פאָלע
פון תנאָ'ס מאַנטל איבער אים:
— „הלילה ליני פה בשלום,
בבוקר יגאל אלהים!
און אויב עס וועט דער גאָט, דער בייזער,
דיך נישט דערלייזן, רבי, כ'שווער:
איך וועל אַליין דיך דאָרט דערלייזן,
ווען כ'וועל פאַרלאָזן אָט־די ערד!" —

דער אַלטער דינער שטייט און ציטערט,
די אויגן שטאַרן אין פאַרגאַף.
ער זעט: עס שטילט זיך איין ס'געוויטער,
עס לייטערט זיך די הימלשאַפט.
ר' מאיר פליסטערט: — „מורי, רבי,
זיי מוחל מיר דעם ערשטן נס!" —
ער בייגט זיך אָן — און איז מקבר
אויפסניי דעם האַלב־פאַרברענטן מת.

---

אָקטאָבער 30, 1953 — מאַי 20, 1956.